Rok I — Kraków, 23 kwietnia 1909 — קראקא, כ' אייר תרס"ט. — Nr 15

# יודישע אילוסטרירטע צייטונג


Żydowska gazeta illustrowana

Wychodzi każdego piątku.

Prenumerata wynosi: Rocznie 10 K. — 5 Rbs. Półrocznie 5 K. — 2.50 Rbs. Kwartalnie K 2.75 — 1.50 Rbs

Pojedynczy egzemplarz 20 h. — 10 Kop.

Redakcya i Administracya: Kraków, Grodzka 62.

Jüdische Illustrierte Zeitung.

ערשיינט יעדען פרייטאג.

אבאנאמענטס-פרייז: יעהרליך: 10 קראָנען, 5 רובל. האלביעהריג 5 קראָנען 2.50 רובל. פיערטעל יעהרליך 2.75 קראָנען, 1.50 רובל.

איינצעלנע נומער 20 העללער 10 קאפ.

אין אנדערע לענדער: יעהרליך 15 פראַנק, האלביעהריג 7.50 פיערטעליעהריג 4 פראַנק.

רעדאקציאן און אדמיניסטראציאן: קראקא גראָדזקא 62 · טעלעפאן נ' 412 · עסטרר. פאָסטשפארקאסען-קאָנטא נ' 57,341.

הויפטפערטרעטונג פאר רוסלאנד: י. מערעצקי, ווארשא, מיאדאווא נ' 12 פיליע אין לאדז: פרזעיאזד נ' 16.


## רעוואָלוציע אין דער טירקיי.



רעוואָלוציע אין דער טירקיי: 1. (אויבען רעכטס) זאָלדאַטען מאָרדען יונגטירקישע אָפיציערע. — 2. דער יוסטיצמיניסטער ווערד אויף דער גאַס איבערגעפאַלען און געטעדטעט. — 3. די רעוואָלוציאָנערע צעררייסען די טעלעגראַפען-דראָטען. — 4. זאָלדאַטען צווינגען זייערע אָפיציערע, זיך אַנצושליסען צו דער רעוואָלוציע. — 5. [illegible]

# רעוואלוציע אין דער טירקיי.

אים יולי 1898 איז די וועלט פלוצים איבערראשט געווארען דורך דער ידיעה, אז דער סולטאן אבדול האמיד האט זיך ענטשלאסען, ווידער איינצופיהרען אין זיין לאנד די קאנסטיטוציע, וועלכע ער האט מיט 31 יאהר צוריק אליין סיסטירט.

און דיזע פלעצליכע פערענדערונג אין דעם אלטען, פוילען טירקישען רייך איז געשעהען נאר בשלום. אהן בלוט־פערגיעסען, אהן איבערקעהרעניש, אהן קעמפפע און אהן קאנפליקטע.

די יונגטירקישע פארטיי, וועלכע האט זייט יאהרען געמאכט די גוזמהינע הכנות שטילערהייד און האט געוואונען דאס מיליטער אויף זיין זייט, איז אויפגעטרעטען מיט דער פאדערונג, אז דער סולטאן זאל ווידער איינפיהרען די קאנסטיטוציע. און דער סולטאן, וואס דאס מיליטער איז ביז איצט געווען זיין איינציגע שטיצע זעהענדיג, אז גראד דאס מיליטער אונטערשטיצט אט שטארקסטען די פאדערונגען פון די יונגטירקען, האט נישט געמאכט קיין הכמות און נאכגעגעבען די פאדערונגען מאקי תיכף — און אזוי איז די גאנצע זאך אבגעלאפען בשלום.

דאס באלדיגע נאכגעבען פון דעם סולטאן איז באמת געווען זעהר א פיינע, פאליטישער שאך־צוג פון איהם. ער האט שוין לאנג געוואוסט, אז אויב די יונגטירקען וועלען בעקומען די אויבערהאנד, וועלען זיי מיט איהם מאכען א קורצען פראצעס פאר די בלוטיגע פערפאלגונגען, מיט וועלכע ער האט זיי פערפאלגט וועהרענד דער גאנצער צייט פון זיין הערשאפט.

קוים אבער האט ער זיי נאכגעגעבען און געשוואוירען, אז ער וועט טריי האלטען די קאנסטיטוציע, האט אויך ערנאנט די מיניסטער, וועלכע זיי האבען פערלאנגט, האט זיי שוין געפעהלט יעדער אייסערע גרונד, איהם צו בעזייטיגען. און אזוי איז ער געבליעבען אויף דעם טהראן אלס נאר גוטער חבר פון די יונגטירקען.

ווער ס'קען אבער דעם סולטאן אבדול האמיד, האט געוואוסט, אז זיין נאכגעבען די יונגטירקישע פאדערונגען איז נאר געווען לפנים. אויף דערוייל, זיין אינטריגאנטישע ברוטאלע נאטור וועט נאר ארויסקוקען אויף א פאסענדער געלעגענהייט, זיי ווידער ארויסצווארפען און איינצופיהרען די אלטע ארדנונג.

און דאס איז אויך געשעהען — אבער דער קלוגע, אינטריגאנטישער אבדול־האמיד האט זיך דאס מאל שטארק בענארישט און ווי ס'זעהט אויס, וועט ער בעצאהלען זיין איצטיגע אינטריגע מיט'ן טהראן.



רעוואלוציע אין דער טירקיי: דאס פארלאמענטס־געביידע אין קאנסטאנטינאפעל.

לאזענדיג די יונגטירקען הערשען באות נפשם, ווי וויט זיי ווילען נאר אליין, האט דער סולטאן בשתיקה אונטערגעהעצט די רעאקציאנערען, ווי זאלען פערשפרייטען אונצופריעדענהייט צווישען פאלק און צווישען מיליטער.



רעוואלוציע אין דער טירקיי: סולטאן אבדול האמיר.

און דאס איז דוקא נישט שווער געווען. די יונגטירקען האבען קודם־כל אבגעזאגט פון זייערע שטעלען עטליכע טויזענדער בעאמטען און אפיציערע, וואס זענען געווען אים גאנצען איבערפליסיג און האבען בעקומען זייערע שטעלען נאר א דאנק פון פראטעקציע און קארופציע. אט דיזע אלע פערזאנען זענען נאטירליך געווען די גרעסטע פיינד פון די יונגטירקען.

דאצו איז נאך געקומען, אז די יונגטירקען האבען זיך אין דער פראקסיס נישט געוויזען אזוי געשיקט ווי אין דער טהעאריע.

דאס פארלאמענט זיצט שוין עטליכע חדשים צוזאמען און האט נאך נאר קיין שום פראקטישע זאך אויפגעטהון. דאס פאלק מורמעלט שוין, אז ס'טויג צו גאר נישט.

אויך די אייסערע פאליטיק פון די יונגטירקען איז נישט געווען אזוי גלענצענד. נעראדע נאך איינפיהרונג פון דער קאנסטיטוציע האט עסטרייך־אונגארן אנעקטירט באסניען־הערצעגאווינא, בולגאריען האט זיך זעלבשטענדיג געמאכט, צונעמענדיג אסטרומעליען און די איינטבאהן, און די נייע "געזונד־געווארענע" טירקיי האט דאס נישט געקענט שטערען.

די יונגטירקען האבען צו אלעם דעם נאך ווייטער געפיהרט זייער קאנסערוואטיווע פאליטיק, דאס יונגטירקישע



רעוואלוציע אין דער טירקיי: אנזיכט פון קאנסטאנטינאפעל: די גאלאטא־בריק, אויף וועלכער דער ליבעראלער "יעני־טאג"־רעדאקטאר האסאן איז ערשאסען געווארען.

האסאן־פעהמי, דער ערמארדעטער רעדאקטער.

פרינץ רעשאד עפענדי, וועלכען די יונג־טירקען ווילען מאכען צום סולטאן.

מוקטאר פאשא, קאמאנדאנט פון קאנסטאנטינאפעל.

קאמיטע איז געבליבען געהיים און רעגירט האט נישט די רעגירונג, נאר דאס געהיימע קאמיטע, וועלכעס קיינער האט נישט געקענט און וועלכעס איז פאר דער קאנסטיטוציע נישט פעראנטווארטליך.

אלעס דאס האט געשאפט די אונצופריעדענהייט אים לאנד און מיט דער צייט האט זיך געבילדעט א נייע פארטיי, די „ליבעראלע אוניאן", וועלכע איז צוואר טריי דער קאנסטיטוציע, אבער נישט אזוי ראדיקאל ווי די יונגטירקען.

די יונגטירקען האט די גרינדונג פון דער נייער פארטיי נישט געשמעקט און זיי האבען זי אנגעהויבען צו פערפאלגען. און ווען דער גראסוועזיער קיאמיל־פאשא האט זיך אנגעשלאסען צו דער פארטיי און האט בעוויזען איהרע פעראיאמלונגען, האבען זיי איהם מיט געוואלט געשטירצט און געצוואונגען דעם סולטאן, צו ערנענען זייער פערטרויענסמאן, הילמי־פאשא, צום גראסוועזיר.

די „ליבעראלע אוניאן", וועהענדיג דעם טעראריזמוס פון די יונגטירקען, האבען זיך איצט צוזאמענגענומען מיט דער קלעריקאלען פארטיי „מאהאמעדאנישע אוניאן"

רעוואלוציע אין דער טירקיי: דער ערמארדעטער יוסטיצמיניסטער ניזאם־פאשא.

און צוזאמען אנגעהויבען ארבייטען, די יונגטירקען צו שטירצען.

איצט איז שוין די ארבייט געגאנגען לייכטער. די טירקישע פאלקסמאסען זענען זעהר קאנסערוואטיוו און די מאהאמעדאנישע גייסטליכע, די מופטא׳ס און די

רעוואלוציע אין דער טירקיי: ענווער־ביי, דער פיהרער פון די יונגטירקען.

באפטאס, האבען ביי זיי א גרויסען איינפלוס. אויך דער פראסטער זאלדאט איז זעהר פרום. און דער גייסטליכער האט ביי איהם מעהר רעה פונ׳ם אפיציער...

בישלעכווייז האבען די „מאהאמעדאנישע אוניאן" און די „ליבעראלע אוניאן" אויפגעהעצט די בעפעלקערונג פון קאנסטאנטינאפעל און דאס דארטיגע מיליטער געגען די יונגטירקען. די יונגטירקען פון זייער זייט האבען נאך פערשטארקט זייער טעראר און פאריגע וואך איז א רעדאקטער פון א ליבעראל בלאט אויף דער בריק פון גאלאטהא דערשאסען געווארען דורך א יונגטירקישען אפיציער, ווייל ער האט אנגעגריפען די יונגטירקען אין זיין בלאט.

די אויפרעגונג איבער דיזען מארד איז געוועזען אין קאנסטאנטינאפעל זעהר גרויס. די קלעריקאלען און די ליבעראלען האבען דאס אויסגענוצט און אונטערשטיצט פונ׳ם סולטאן איז אויסגעבראכען אין קאנסטאנטינאפעל א מיליטערישער בונד, דורך וועלכען די הערשאפט פון די יונגטירקען איז געבראכען געווארען.

דאס מיליטער האט זיך עמפערט געגען די אפיציערע (וועלכע זענען צום גרעסטען טהייל יונגטירקען) און קאמאנדירט פון אונטעראפיציערע און קאפראלען, האבען זיי בעלאגערט דאס פארלאמענט און די רעגיערונגס־געביידע, צווינגענדיג די יונגטירקישע רעגיערונג, זי זאל דעמיסיאנירען. אויך דער פרעזידענט פונ׳ם פארלאמענט, אחמעד ריצא, דער פיהרער פון די יונגטירקען האט געמוזט צוריקטרעטען.

דאביי איז עס נישט אבגעלאפען אהן בלוט־פערגיסען. עטליכע הונדערט אפיציערע זענען געטעדטעט געווארען, דעם יוסטיצמיניסטער האט מען געשאסען, דעם קריעגסמיניסטער און דעם מארינען־מיניסטער פערוואונדעט.

דאס אלעס איז געשעהען מיט ווייסען פונ׳ם סולטאן און מיט זיין הסכמה. פונ׳ם פענסטער פון זיין פאלאסט האט ער צוגעקוקט, ווי די יונגטירקישע אפיציערע ווערען געמארדעט און ער האט די זאלדאטען בעלוינט פון זיין פריוואט־געלד.

די דעמיסיע פונ׳ם גראסוועזיר און פון די איבריגע מיניסטער האט ער אנגענומען און ערנאנט דעם געוועזענעם מיניסטער דעם אייסערן, טעוופיק פאשא, צום גראסוועזיר, דעם מארשאל עדהעם־פאשא צום קריעגס־מיניסטער. וועהרענד די איבריגע מיניסטער זענען פארלייפיג געבליעבען. צום פרעזידענט פונ׳ם פארלאמענט איז ערנאנט געווארען א אלבאניער, א געגנער פון די יונג־טירקען.

ס׳האט אויסגעזעהען, אז די מאכט פון די יונג־טירקען איז אים גאנצען געבראכען. די יונגטערקישע מיט־גליעדער פונ׳ם פארלאמענט זענען פאסט אלע שנעל אנטלאפען פון קאנסטאנטינאפעל און עבענזא אלע יונג־טירקישע פאליטיקער. אויך דער קארפסקאמענדאנט פון קאנסטאנטינאפעל גענעראל מוקטהאר־פאשא איז אנט־לאפען אויף א דייטשען שיף. די יונגטירקישע צייטונגען האבען אויפגעהערט צו ערשיינען. די פערבינדונגען האבען צערשניטען די דראטהען פון די טעלעגראפען און טע־לעפאנען, קאנסטאנטינאפעל איז אבגעשניטען געווארען פון דער וועלט.

די קריסטליכע בעפעלקערונג האט מורא בעקומען פאר „פאנ־איסלאמיזם" און די אייראפעאישע מעכטע האבען

רעוואלוציע אין דער טירקיי: עדהעם־פאשא, דער נייער קריעגס־מיניסטער.

שוין קאמאנדירט קריעגסשיפע קיין קאנסטאנטינאפעל, כדי איבער נויטהפאל צו קענען שיצען די אויסלענדישע אונטער־טהאנען.

דער סולטאן האט טריאומפירט; אין די צייטונגען, אויך אין די אויסלענדישע, האט מען חוזק געמאכט פון

רעוואלוציע אין דער טירקיי: טעוופיק פאשא, דער נייער גראסוועזיער.

רעוואלוציע אין דער טירקיי: דעם סולטאנ'ס פאלאסט, וואו ער עמפפאנגט אויסלענדישע געסט.

די יונגטירקען, וואס האבען אזוי שנעל פערלוירען די הערשאפט איבער'ן לאנד; ס'האט זיך געדאכט, אז אין דער טירקיי וועלען באלד איינטרעטען די אלטע צושטענדע. פון פערשיעדענע זייטען האט מען אויך שוין געמעלדעט „פאגראמס" אויף ארמעניער און גריעכען.

אויך די געפאהר פון א איינראפעאישער פערוויקלונג איז געוועזען גרויס. בולגאריען האט געדראהט, אז אויב דער סולטאן וועט נישט באלד אנערקענען די בולגארישע אונאבהענגיגקייט, וועט עס גרייפען צום שווערד. סערביען און מאנטענעגרא ווידער האבען בעקומען חשק, די באנדעס, וואס זיי האבען געבילדעט נעגען באסניען, זאלען איצט איבערפאלען דעם סאנדישאק נאווי-באזאר און עס צונעהמען. די וויענער בלעטער האבען געווארענט עסטערייך-אונגארן, נישט אהיים צולאזען איצט די רעזערוויסטען פון באסניען, טאמער וועט מען זיי נאך ברויכען, אויב ס'וועט קומען צו פערוויקלונגען אין דער טירקיי — בקצור, די פאליטישע סיטואציע איז געווארען זעהר ערנסט און פערוויקעלט.

די יונגטירקען אליין זענען אויך אים ערשטען מאמענט געוועזען אים גאנצען אהן מוטה און האפנונג. די גאנצע זאך איז געקומען אזוי פלוצים און נישט ערווארטעט, אז זיי האבען זיך צוערשט געמוזט אריענטירען אין דער נייער סיטואציע.

אפער שוין נאך 2-3 טעג האט זיך די לאגע געענדערט. די יונגטירקען האבען בעקומען פון קאנסטאנטינאפעל אינפארמאציעס, אז די צאהל פון די אנהענגער פונ'ם סולטאן איז זעהר קליין, און אז דאס מיליטער אין סאלאניק און אין אדריאנאפעל איז זיי געבליעבען טריי. און איצט האבען זיי זיך טאקי באלד גענומען צו דער ארבייט.

די פיהרער פון די יונגטירקען, האקקי-ביי און ענווער-ביי, וועלכע זענען געוועזען אנגעשטעלט אלס מיליטער-אטטאשעס ביי די טירקישע באטשאפטען אין וויען און בערלין, האבען אויפגעגעבען זייערע פאסטענס און זענען שנעל געאיילט קיין סאלאניק. דארט האבען זיך אויך פערזאמעלט די מייסטע, פון קאנסטאנטינאפעל אנטלאפענע יונגטירקען. אויך דער קארפס-קאמאנדאנט פון קאנסטאנטינאפעל מוקטהאר-פאשא, איז געקומען קיין סאלאניק און פון דארט אויס האבען די יונגטירקען אונטערנעמען דעם געגענשטויס נעגען די הערשענדע קרייזע פון קאנסטאנטינאפעל.

זייער ערשטע אויפגאבע איז געוועזען, זיך צו איבערציינען, אויב די טרופען פון די צוויי קארפס סאלאניק און אדריאנאפעל, זענען גענוג פערלעסליך. און ווען דאס
[illegible]

פון די ביידע פראווינצען ארויסצושיקען קיין קאנסטאנטינאפעל.

דיעזער טראנספארט, א גאנץ היבשע שטרעקע פון עטליכע 100 קילאמעטער אויף איין שלעכט אויסגעשטאטעטער באהנליניע, איז געוועזען ציעמליך שווער. אפער די יונגטירקען האבען דאבייי בעוויעזען זייער אויסגעצייכנעט סטראטעגיש טאלענט. אין קוים עטליכע טעג שוין איז געוועזען א היבשע מיליטער-מאכט פערזאמעלט ביי טשאטאלטשא, 30 קילאמעטער פון קאנסטאנטינאפעל. א וויכטיגען סטראטעגישען פונקט, וואו די קאנסטאנטינאפעלער פעסטונגען הייבען זיך אן.

דער סולטאן האט זיי צוואר אקעגענגעשיקט א טהייל פון זיינע טרייע זאלדאטען. דיעזע אבער האבען קומענדיג קיין טשאטאלשטא, ערקלערט, אז זיי ווילען נישט קעמפפען נעגען זייערע ברידער און האבען זיך אנגעשלאסען צו די יונגטירקען.

איצט פיהלען זיך שוין די יונגטירקען ווידער אלס הערען פון לאנד. און אין דעמזעלבען אופן האט דער סולטאן און זיינע אנהענגער ווידער פערלוירען דעם גאנצען מוטה, זיי האבען שוין הטה אויף דעם גאנצען עסק און ווילען זיך שוין איבערבעטען.

די יונגטירקען אבער ערקלערען, אז זיי וועלען ערשט קומענדיג קיין קאנסטאנטינאפעל, זעהען וואס זיי האבען צו טהון, מיט אנדערע ווערטער הייסט דאס: זיי פערלאנגען, מען זאל זיי צוערשט ווידער איבערגעבען די גאנצע ממשלה און דערנאך וועלען זיי שוין וויסען, וואס צו טהון. גראד דיעזע פעסטע האלטונג פון די יונגטירקען דערשרעקט אם מייסטען די רעאקציאנערע קרייזע מיט דעם סולטאן. נוט'ס קענען זיי פון די יונגטירקען נישט ערווארטען און עס הייסט, אז איצט וועלען די יונגטירקען דוקא פערלאנגען, דער סולטאן זאל אבטרעטען און זיין יונגערער ברודער, רעשאד עפענדי, זאל
[illegible]

דער סולטאן און זיינע בעלי-עצה זענען ראשהלא. דאס יונגטירקישע מיליטער רוקט זיך מיט יעדען טאג צו נעהנטער קיין קאנסטאנטינאפעל. דער סולטאן האט גאר מורא, זיי צו פערשטעלען דעם וועג, ווייל ער קען זיך אויף זיינע אייגענע זאלדאטען נישט פערלאזען. די גייסטליכע וועלען איהם נישט פיעל העלפען און אלע דיעננער, וואס האבען איהם אנגערעד צו דיעזען געפעהרליכען שריט, בעהאלטען זיך איצט אין די לעכער פאר פחד.

לויט די לעצטע ידיעות דאט דער סולטאן זיך שוין חבר געמאכט מיט דעם געדאנק, אבצוטרעטען מיט גוטען, אבי נאר דעם קאפ צו ראטעווען, אויב דאס וועט העלפען, איז אבער א שאלה. ער האט אויך געבעטען די באטשאפטער פון פראנקרייך און ענגלאנד, זיי זאלען איהם שיצען, אבער זיי האבען געענטפערט, אז זיי קענען זיך נישט אריינמישען אין די אינערע טירקישע ענינים.

דאס אבטרעטען פונ'ם סולטאן איז נישט אזא פראסטע זאך. לויט דעם „קאראן", דער מאהאמעדינישען תורה, קען א סולטאן נישט פרייוויליג אבטרעטען פונ'ם טהראן, עס מוז צוערשט געמאכט ווערען א שאלה ביים „שייך-איל-איסלאם", דעם העכסטען מאהאמעדאנישען בית-דין, אויב ער איז נאך ראוי צו טראגען די קרוין און דער „שייך-איל איסלאם" מוז פסק'ענען אז לויט זיינע מעשים בעדארף מען איהם אבזעצען, דאס הייסט, אז די אפזעצונג געשעהט נאך מיט גרויסע בזיונות, און איבעררעם איז עס אפשר מעגליך, אז אבדול האמיד וועט ליעבער וועלען שטארבען, איידער זיך לאזען ארונטערפען פון דער ממשלה אויף אזא מיאוס'ן אופן.

ווי אזוי די זאך וועט זיך אויסלאזען וועלען די קומענדע טעג ווייזען. לעת-עתה איז די לאגע א דערארטיגע, אז די יונגטירקען זענען ווידער די הערען א'ם

רעוואלוציע אין דער טירקיי: דער שפייז-זאל אינ'ם סולטאנ'ס פאלאסט.



רעוואלוציע אין דער טירקיי: א בעראטהונג פון יונגטירקישע אפיציערע.

לאנד און דער סולטאן מיט זיינע רעאקציאנערע ראטה-געבער האבען זיך שרעקליך בלאמירט און וועלען מוזען בעצאהלען די הוצאות פון דער גאנצער נישט-געלונגענער רעאקציאנערען רעוואלוציע.

ווי געמעסינט די יונגטירקען זאלען נישט וועלען זיין, וועלען זיי דאך נישט קענען פערשווייגען דאס אונשולדיג פערגאסענע בלוט פון זייערע חברים און וועלען זיך נוקם זיין אין זייערע געגנער ווי עס בעדאַרף צו זיין.

אין דעם גאנצען קאמפף האט געשפּיעלט א וויכטיגע ראלע דער מאהאמעדאנישער „שלחן-ערוך" דער „שאריאט". ס'איז דאס א זאמלונג פון אלטע רעליגיעזע געזעצע פון די עלטסטע מהאמעדאנישע צייטען, לויט וועלכע דאס גאנצע רעליגיעזע פאליטישע און ציווילע לעבען פון דער מאהאמעדאנער ווערד געפיהרט.

דאס איינפיהרונג פון דער קאנסטיטוציע האט מען נאטירליך געשאפען נייע געזעצע, לויט דעם מאדערנעם איירעפּעאישען גייסט, וועלכע זענען אין פיעל בעציהונגען געוועזען אנדערש ווי אים „שאריאט".

די מאהאמעדאנישע גייסטליכע, ווילענדיג אויפהעצען דאס פאנאטישע פאלק, האבען בעהויפּטעט, אז דורך דער קאנסטיטוציע ווערד דער „שאריאט" פערלעצט און און דאס איז א פארשוועכונג פון דער מאהאמעדאנישער רעליגיע. די ערשטע פארדערונג פון דער רעאקציאנערער רעוואלוציע איז אויך געוועזען, ס'זאל ווידער איינגעפיהרט ווערען דאס שאריאט-געזעץ אים גאנצען טירקישען לעבען. דער סולטאן האט דאס נאטירליך צוגעזאגט, ווייל לויט דעם „שאריאט-געזעץ" קומט איהם די אליין-הערשאפט אים לאנד און קיינער טאר איהם קיין דעה נישט זאגען.

ווי אזוי דער איצטיגער קאנפליקט זאל זיך נישט ענדיגען, וועט די פראגע פון דעם שאריאט-געזעץ זיכער נאך ווייטער בעשעפטיגען דאס פאלק און דאס פארלאמענט. די פאלקסמאסען, איינמאל אונטערגעהעצט, וועלען נישט אזוי גרינג ווידער אבלאזען פון זייער פארדערונג, דאס הייליגע „שאריאט-געזעץ" זאל ווידער איינגעפיהרט ווערען.

אזוי ווי אים פארגאנגען יאהר, ביי דער ווידער-איינפיהרונג פון דער קאנסטיטוציע, האט אויך דאסמאל דאס טירקישע מיליטער געשפּיעלט די הויפּט-ראָלע.

די טירקיי איז נאך ביז היינט א מיליטער-שטאאט און ווער ס'האט דאס מיליטער אויף זיין זייט, איז הערשער איבער'ן לאנד.

דאס טירקישע מיליטער בעשטעהט פון לויטער מאהאמעדאנער. קריסטען און יודען צאהלען דאריט אַן אַרט קאפּ-שטייער פאר דער בעפרייאונג פון'ם מיליטער-דיענסט.

איצט, ביי איינפיהרונג פון דער קאנסטיטוציע, האט מען געפּלאנט, צוצולאזען אויך אנדערס-גלויביגע צום מיליטער-דיענסט, און די מאהאמעדאנישע גייסטליכע האבען דאס בענוצט אלס אויפהעצונגס-מיטעל ביי די פראסטע זאלדאטען געגען די יונגטירקען, בעהויפּטענדיג, אז דורך דעם וועט די הייליגקייט פון דער אַרמעע פערשוועכט ווערען.

לויט די נייעסטע ידיעות, שטעהען שוין די יונג-טירקען מיט א אַרמעע פון איבער 20,000 מאן נעבען די טהויערן פון קאנסטאנטינאפעל.

זיי האבען אַרויסגעלאזט א פּראקלאמאציע, אז די פרעמדע אונטערטהאנען אין די רוהיגע בירגער וועט גאר נישט געשעהען. זיי וועלען נאר בעשטראפען די-יעניגע, וואס האבען אנגערעדט די זאלדאטען צו דער רעוואלוציע און די-יעניגע, וואס האבען ערמארדעט זייערע פריינד.

דער סולטאן וויל נישט אבדאנקען. די יונגטירקען ערקלערען אבער, אז זיי האבען צו איהם נישט קיין פערטרויען מעהר און זיי פאדערן אויף דעם פּרינץ רעשאד עפענדי, ער זאל זיין גרייט, איבערצונעהמען די קרוין.

דער סולטאן האט שוין זיין גאַנץ פּריוואט-פערמעגען איבערגעגעבען א בעאמטען פון דער ענגלישער באנק, וועלכע איז צו דעם צוועק שפּעציעל געקומען קיין קאנסטאנטינאפעל. אויף דעם באספארוס פאר דעם סולטאנס פּאלאסט שטעהט שוין אנגעגרייט א שיף אונטער דאמפף, אויף וועלכען דער סולטאן מיט זיין האַרעם, 300 פרויען, ווילען אנטלויפען. די יונגטירקען בעוואכען אבער דאס מיט עטליכע קריעגס-שיפען; זיי ווילען איהם וואהרשיינליך נישט לאזען אנטלויפען אהן א „זייר געזונד!"

די יונגטירקען פערלאנגען, אז מען זאל ערקלערען דעם סולטאן אלס שוואכזיננינג און איהם אבזעצען פון'ם טהראן. דער מיניסטער-ראטה וויל צו דעם נישט בייששטימען און פערלאנגט עפּ'ס אַנ'אַנדערען שענערן אופן, ווי אזוי אבדול האמיד זאל צוריקטרעטען.



רעוואלוציע אין דער טירקיי: די יונגטירקישע ארטילעריע שטעלט אויף קאנאנען קעגען קאנסטאנטינאפעל.

די טירקישע אפיציערע טהיילען זיך אין צוויי קאטעגאריעס: ערשטענס ווירקליכע אפיציערע, וואס האבען געענדיגט מיליטער-שולען אדער שטודירט אים אויס-לאנד; צווייטענס געוועהנליכע אונטער-אפיציערע, וואס האבען בעקומען דעם טיטעל א דאנק פון פראטעקציע. די ערשטע זענען פאסט אלע אנהענגער פון די יונגטירקען, די אנדערע האבען זיך אנגעשלאסען דער רעאקציאנערען רעוואלוציע.

איצט, ווען די יונגטירקען וועלען ווידער איבער-נעהמען די ממשלה, וועלען זיי שוין מוזען אויסרוימען אלע דיעזע פּראטעקציאנס-קינדער, כדי צו מאכען אירדנונג אין דער [illegible]

די טירקישע מאַרינע האט זיך אנגעשלאסען צו די יונגטירקען, אויך די אלבאנעזען, די בולגארען, סערבען און גריעכען פון מאצעדאָניען האלטען מיט זיי. די יונגטירקען זענען די הערען אים גאנצען לאנד און דער אלטער, קלוגער אבדול-האמיד האט זיך דאסמאל מיאוס בעגאַנגען.

דער סולטאן מאכט איצט אַלע הבטחות. ער וויל שוין דעם געוועזענעם גראסוועזיער הילמי-פאשא ווידער ערנענען צום גראסוועזיער און זאגט צו, אז ער וועט שוין האלטען טריי די קאנסטיטוציע, די יונגטירקען אבער גלייבען איהם נישט מעהר.

די איראפּעאישע שטאאטען שטעהען דערווייל פון דער ווייטענס און קוקען צו. איינרייסען וועלען זיי נאר דעמאלט, ווען די אינטערעסען אדער דאס לעבען פון די איראפּעאישע אונטערטהאנען וועלען זיין בעדראהט.

קאנסטאנטינאפעל, וועלכעס האט זייט 100 יאהר נישט געזעהען קיין פרעמדען פיינד אין זיינע טהויערן, וועט איצט איינגענומען ווערען פון דעם איינענעם מיליטער, אונטער פיהרונג פון די יונגטירקען.

מיר ברענגען אין אונזער היינטיגער נומער מעהרערע אריגינעלע אינטערעסאנטע בילדער פון דער רעוואלוציע אין דער טירקיי.







רעוואלוציע אין דער טירקיי: יונגטירקישע אינפאנטעריע לאגערט פאר קאנסטאנטינאפעל.

# דאָן יוסף הנשיא, הערצאָג פון נאַקסאָס

## היסטאָרישער ראָמאַן אויס דעם זעכצעהנטען יאָהרהונדערט

פריי בעאַרבייטעט נאָך י. ווילדענראָר.

(פיערטע פאָרטזעצונג).*

פּיערטעס קאַפּיטעל.

חואַן מיקעס, דער משולח פונ'ם טירקישען סולטאַן אין ווענעדיג, זיצט אין זיין צימער פערשלאָסען און לאָזט קיינעם צו זיך נישט צו.

זייטדעם ער איז צוריקגעקומען פונ'ם סענאַט ווערד ער בעהערשט פון אַ פורכטבאַרער אויפרעגונג און וואָס ער זאָל זיך נישט שטאַרקען זיך איינצוהאַלטען, אַלץ מעהר ווערד ער אויפגערעגט.

ער איז, אפשר צום ערשטען מאָל אין זיין לעבען, מיט זיך אַליין נישט צופריעדען, נישט בלויז וויל ס'איז איהם נישט געלונגען זיין פּלאַן, זיין מוהמע דונאַ גראַציע צו בעפרייען; נישט בלויז ווייל די ערשייניסע פון דער לעצטער נאַכט האָבען געבראַכט די גאַנצע יודישע קהלה פון ווענעדיג אין אַ גרויסער סכנה; נאָר הויפּטזעכליך דערפאַר, וואָס ס'וועט איהם נישט מעגליך זיין, צו ערררייכען די פּאָליטישע צוועקע, וועגען וועלכע דער סולטאַן האָט איהם געשיקט קיין ווענעדיג.

וואָלט ער צוריקגעקומען קיין קאָנסטאַנטינאָפּעל מיט אַ ערפאָלג פון זיין שליחות, דעמילט וועט זיין איינפלוס ביים סולטאַן גרעסער ווערען און ער וואָלט שוין געקענט אבהיטען זיינע יודישע ברידער פאַר פערפאָלגונגען, ווי אויך בעפרייען זיין מוהמע פון קערקער.

געלינגט איהם אָבער דאָס נישט, קען טאַקי אויך די יודישע קהלה פון ווענעדיג ליידען, אויך זיין מוהמע ווייטער שמאַכטען אים קָריקָר — און ער וועט מוזען שטעהען פון דער ווייטענס און צוקוקען מיט פערלענטע הענד.

אַט ריעזע בעפירכטונגען פערזעצען איהם אין דער גרעסטען אויפרעגונג.

מיט גרויסע שריט שפּאַנט ער אַרום אין זיין צימער אין דער לענג און אין דער ברייט; זיין בלוט קאָכט, זידעט ווי אַ קעסעל ביים פייער; פון זייע אויגען פונקלען בליצען און ער רעדט צו זיך ווערטער, וואָס זייער כוונה איז איהם אַליין נישט קלאָר.

פּלוצים עפענט זיך די טהיר און זיין דיענער ערשיינט אויף דער שוועל.

— וואָס ווילסטו? — פרעגט איהם חואַן מיקעס אויפגערעגט — איך האָב דיר דאָך געזאָגט, דו זאָלסט מיך היינט נישט שטערען?

— זייד מוחל, הערר! — ענטפערט דער דיענער מיט אַ אונטערטהעניגער פערבייגונג — אָבער עפּיס אַ פערשלייערטע דאַמע איז געקומען און וויל דוקא, איך זאָל זי אַריינלאָזען צו אייך...

— אַ יונגע דאַמע! — בליצט פּלוצים אַ געדאַנק דורך חואַן מיקעס'ס [illegible] — ס'מוז בוודאי זיין לעאָנאָ־אַ קוויריני... אין איהר האָט ער אין זיין אויפרעגונג אים גאַנצען פערגעסען...

— זאָל זי אַריינקומען — זאָגט ער צום דיענער.

און טאַקי באַלד ערשיינט לעאָנאָרא קוויריני, אויף דער שוועל פון חואַן מיקעס'ס צימער.

מיקעס שטרענגט זיך אָן, צו בלייבען רוהיג. אָבער עס געלינגט איהם נישט. לעאָנאָ־אַ דערקענט תיכף, ווי אויפגערעגט ער איז.

— מיין קומען צו דיר איז אַ נישט־געוועהנליכער שריט — זאָגט זי אָהן פיעל הקדמות נאָך אַ קורצער בעגריסונג — אָבער דאָס זאָל דיר בעווייזען, ווי שטאַרק מיין האַרץ איז דיר איבערגעגעבען...

— איך ווייס, איך ווייס עס, ערלעס מעדכען! — ענטפערט חואַן מיקעס מיט אַ העפליכער פערבונג — ס'איז איינענטליך געוועזען מיין פּפליכט, צו דיר צו קומען, דיך בעטען פערצייהונג. וואָס איך האָב דיך אָבגענאַ־ט און דיר נישט אויסגעזאָגט דעם גאַנצען אמת...

— אַז דו ביזט אַ פערשטעלטער יוד! — אונטערברעכט איהם לעאָנאָרא — דאָס מיינסטו בוודאי! איך האָב דיר נישט וואָס מוחל צו זיין... דו ביזט מיר ליעב און טהייער, אויב דו ביזט אַ קריסט, אַ יוד אָדער אַ מאַהאַמעדאַנער!

מיקעס קוקט איהר איבעראַשט אין די אויגען אַריין... אויף אַזאַ מין ווענדונג האָט ער נישט גע־עכענט. ער האָט געמיינט, אַז אויב לעאַנאָרא וועט געוואָהר ווערען, אַז ער איז אַ יוד, וועט זי זיך אָפּקעהרען מיט פעראַכטונג פון איהם; אויף דעם אופן וועט ער זיך קענען בעפרייען פון דעם צויבער'שען איינדרוק וואָס איהר פּערזאָן האָט אויף איהם געמאַכט... איצט זעהט ער, אַז זיין חשבון איז געוועזען פאַלש. צו טיעף איז שוין די ליעבע צו איהם איינגעוואָרצעלט אין איהר האַרץ, אַז ס'איז איהר שוין גלייך, וואָס ער איז, אַ יוד צי אַ קריסט!...

— לעאָנאָ־אַ, געליעבטעס מעדכען — ענטפערט ער — דו בעשעמסט מיך מיט דיין גיטע, מיט דיין ליעבע!... דיין עדעל געפיהל מאַכט דיך נאָך טהייערער ווי דיין שענקייט! — פערגעס אָבער, וועלכע קרבנות דו געמסט אויף דיר, ווען דו ווילסט דיך פערבינדען מיט מיר, אַ יוד, וואָס איז געהאַסט און פעראַכטעט פון אַ האַלבער וועלט!

— דער האַס און די פעראַכטונג פון דער האַלבער וועלט, וועלכע דו האָסט אנגערופען, איז מיר גלייכגילטיג — זאָגט לעאָנאָרא ענטשלאָסען — דו קענסט די געשיכטע פון מיין משפחה און ווייסט אַז די קווירינים טהוען נאָר דאָס, וואָס זיי געפונען פאַר רעכט און גוט; וואָס די נאַרישע, פאַנאַטישע, פערבלענדעטע וועלט האַלט דאַפון, דאָס קימערט זיי נישט!

— דיין ליעבע צו מיר איז אַלזאָ אַזוי שטאַ־ק, אַז דו פּ־ענסט נישט נאָך קיינעם — זאָגט חואַן מיקע'ן — אָבער וואָס וועלען דיינע ברידער דאַצו זאָגען? דו ווייסט, אַז איך מיז אין זייערע אויגען ערשיינען אַלס דער ניעדריגסטער מענש אויף דער וועלט. וואָס האָט זיך איינגעשליכען ווי אַ גנב אין זייער הויז, האָט צוגענב'עט דאָס שענסטע און טהייערסטע וואָס זיי בעזיצען, דאָס גאָלדענע האַ־ץ פון זייער געליעבטער שוועסטער...

— דו טהוסט מיינע ברידער אַ אונרעכט, ווען דו רעכנסט אַזוי פון זיי — אונטערברעכט לעאָנאַ־אַ זיינע רייד — מיינע ברידער ווייסען שוין פון פריהער, אַז דו שטאַמסט פון יודען און דאָס האָט זיי נישט אָבגעהאַלטען, דיר צו עפענען די טהירען פון זייער הויז!

זיי ווייסען אפילו נישט, אַז איך בין צו דיר געגאַנגען... איך האָב זיי נישט געפרעגט און האָב געטהון דאָס, וואָס מיין האַרץ האָט מיר געהייסען... ווי ווייט איך קען אָבער מיינע ברידער וועסטו אין זייערע אויגען נישט אים געריננסטען פערליערען די אַכטונג. ווען דו וועסט אפילו עפענטליך צוריקקעהרען צום גלויבען פון דיינע אורעלטערן. — מיר זענען ערעלליַיט און ביי ערעלליַיט איז קיין שום זאַך נישט אַזוי פעראַכטעט, ווי דאָס טראָגען אַ פאַלשע מאַסקע אויפ'ן פנים.

ווען דו ביזט ענטשלאָסען אַראָבצוואַרפען די מאַסקע פון דיין פנים און ווידער צו ווערען עפענטליך אַ יוד, וועסטו אין זייערע אויגען געוואונען נאָך מעהר אַכטונג!...

— און וואָס וועסטו דעמילט טהון, לעאָנאָרא! — פרעגט חואַן מיקעס, קוקענדיג איהר אין די אויגען...

— דיין גלויבען וועט זיין מיין גלויבען — ענטפערט זי מעדכען ענטשלאָסען — וואו דו וועסט געהן, וועל איך געהן...

חואַן מיקעס קען זיך נישט מעהר צוריקהאַלטען... ער פערגעסט אַלע די קרענקונגען וואָס ער האָט זייט געכטען ערלעבט, אַלע די אויפרעגונגען, וואָס ער האָט דורכגעמאַכט; ער ציעהט דאָס מעדכען צו זיין ברוסט און בעדעקט איהר פנים מיט הייסע גליהענדע קיש...

— דיין ליעבע, לעאָנאָ־אַ — שעפּטשען זיינע ליפּען — דיין ליעבע ענטשעדיגט מיך פאַר אַלע די קרענקונגען, וואָס איך האָב דאָ אין ווענעדיג ערלעבט... מעג דער דאָגע און דער סענאַט פון מיר שפּאָטען, מעג דער אינקוויזיטאָר חוזק מאַכען פון מיר און מיך לאָזען בעוואַכען דורך זאַלדאַטען און שפּיאָנען... איך בין גליקליך, וואָס איך בעזיץ דיך, דיין עדעל האַרץ, דיין ליעבע אויף אייביג...

אַ האַלבע וועלט האַסט און פעראַכטעט דעם יוד. האָב איך דיר פריהער געזאָגט. אָבער בלויז אַ האַלבע וועלט. די אַנדערע האַלבע וועלט, וואָס דאָס קריסטליכע אייראָפּא האַלט זי פאַר פאַנאַטיש, ווילד, באַרבאַריש, אַט די אַנדערע האַלבע וועלט איז נישט אַזוי שלעכט. עס גיבט נאָך לענדער, וואו דער יוד מעג זיין אַ יוד עפענטליך און בעוועגט זיך פריי מיט אַלע מענשען... דאָרטהין וועלען מיר ציהען, אין די לענדער פונ'ם מעכטיגען טירקישען סולטאַן, דאָרט וועלען מיר לעבען פראַנק און פריי...

חואַן מיקעס בלייבט פּלוצים שטיל. ס'הערט זיך אַ קלאַפּען אין דער טהיר...

לעאָנאָ־אַ שפּרינגט אַ דער־שראָקענע אויף פון איהר אָרט. איה־ע אויגען קוקען פער־צווייפעלט אויף איהר געליעבטען, פרעגענדיג, וואָס זי האָט איצט צו טהון...

זי ווייסט דאָך נישט, ווער ס'קומט איצט... וואָס פאַר אַ פנים וועט זי, די טאָכטער פון דעם ערעלמאַן קוויריני האָבען, ווען מען וועט זי טרעפען צוזאַמען מיט דעם פרעמדען מאַן?...

שנעל ענטשלאָסען ווייזט איהר חואַן מיקעס די טהיר פון זיין צווייטען צימער, זאָגענדיג:

— גיעה דערווייל אַריין דאָרטהין, לעאָנאָרא. איך וועל זעהען, די פרעמדע געסט באַלד צו ערלעדיגען...

קוים שליעסט זיך די טהיר הינטער איהר, ערשיינט פאַר איהם אַ דיענער פונ'ם ווענעציאַנישען סענאַט, איבערריי־כענדיג צוויי בריעף.

איין בריעף איז אַדרעסירט צו חואַן מיקעס, דעם פערטרעטער פון טירקישען סולטאַן.

דער צווייטער בריעף טראָגט די אַדרעסע: „דון יוסף נשיא“...

אָבער נאָך איידער חואַן מיקעס קען עפענען די בריעף און לעזען זייער אינהאַלט, עפענט זיך ווידער די טהיר און ס'קומט אַריין אַ שוואַ־ין פערשלייערטע פרוי.

איבעראַשט בעטראַכט חואַן מיקעס די פרעמדע ערשיינונג, אָבער שוין האָט זי אַראָבגענומען דעם שלייער פון איהר פנים און ער דערקענט זיין מוהמע: הנה גראַציע מענדזיעס.

— מוהמע, טהייערע מוהמע! — רופט ער מיט אַ פריידיגער איבעראַשונג, קושענדיג איהר די האַנד — געלויבט איז גאָט. וואָס איך האָב דאָס גליק דיך ווידער צו זעהען פריי!

— געלויבט איז ער און געלויבט איז זיין נאָמען אויף אייביג! — ענטפערט דונאַ גראַציע — וואָס קוקסט דו מיך אַזוי פערוואונדערט אָן? וואָס איך בין אַלט געוואָרען? די שלעכטע לופט אים קערקער האָט מיין פנים פערשוואַרצט! האָב קיין מורא! מיין האַרץ איז

---

*) נייע אַבאָנענטען ערהאַלטען די פריהערינע פאָרטזעצונגען אויף פערלאַנגען גראַטיס צוגעשיקט.

נאך יונג ווי פריהער; אין די שלעכסטע צייטען האב איך נישט פערלוירען די האפנונג. אז איך וועל מיט גאט'ס הילף בעפרייט ווערען. דיזע האפנונג האט מיר געגעבען כח אויסצוהאלטען אלע צרות און פלאגען! אבער זאג מיר נאר, פון וואנען האסטו דיך גענומען דא אין ווענעדיג, ווי אזוי ביזטו געוואהר געווארען, וואו איך בין, און ווי אזוי איז עס דיר געלונגען מיך צו בעפרייען?

— איך וועל דיר דאס אלעס שפעטער דערצעהלען, טהייערע מוהמע! זאגט חואן מיקעץ — אזוי האסטו געמוזט דא ליידען גרויסע צרות אונטער די הענד פון די אינקוויזיטארען!

— געליטען האב איך גענוג! — ענטפערט גראציע — אבער צומייסט האט מיך געהארט וואס דאס אלעס האב צו פערדאנקען מיין אייגען פלייש און בלוט, מיין אייגענע שוועסטער... זי מיט איהרע מסירות האט מיין הארץ מעהר פערוואונדעט, ווי די אינקוויזיציע...

אבער, זעהסטו, איך בין איהר אלסדינג מוחל! זי האט עס מעהר געטהון אויס לייכטזין ווי פון שלעכטיגקייט! זי איז יונג און שעהן, זי וויל לעבען און ליעבען און האט מורא געהאט, טאמער וועט זי פערליערענדיג איהר געלד, אויך פערליערען די מעגליכקייט צום לעבען!... איך האב בלויז איין וואונש: איך זאל זי נאך זעהען אויף דעם גראדען גוטען וועג!

— אך, ווי גוט דו ביזט טהייערע מוהמע! — זאגט חואן מיקעץ — און ווי פריי איך מיך, וואס דו ביזט ענדליך ווידער פריי! איצט וועסט קענען פערלאזען דאס שטאלצע איינגעבילדעטע ווענעדיג, וועסט דיך בעזעצען אין א פרייע לאנד, וואו דו וועסט קענען לעבען פריי אלס יודישע טאכטער...

ער דערצעהלט איהר אויספיהרליך, אז ער האט געפונען גנאדע אין די אויגען פונ'ם טירקישען סולטאן, וואס אין זיין לאנד לעבען די יודען פריי און גלייך מיט אלע בירגער, און אלס זיין פערטרעטער איז ער געקומען קיין ווענעדיג, כדי צו ערלעדיגען פאליטישע אנגעלעגענהייטען; זיין הויפטצוועק אבער איז געוועזען זי צו בעפרייען, קוים אבער איז איהם געלונגען מיט דער הילף פון ווענעציאנישע יודען, צו נעהנטערן זיך צו זיין ציעל, טרעפט זיך דאס אונגליק מיט'ן פלורענטהורם, און ער האט שוין געמיינט, אז זיין גאנצע מיה איז געוועזען אומזיסט. אבער געלויבט איז גאט, וואס זיין אויפטרעטען אים סענאט האט דאך געווירקט און דער דאגע האט זיין טהייערע מוהמע געלאזט פריי...

דונא גראציא הערט דאס אלעס אוים מיט גרוים אינטערעסע, נאכדעם ווי חואן מיקעץ האט געענדיגט, זאגט זי:

— איצט קענסט דו שוין זיין גליקליך און צופרידען!... דו ביזט יונג, רייך, שעהן, איינפלוסרייך ביים סולטאן און געאכטעט ביי דיינע ברידער! ס'איז שוין צייט, דו זאלסט דיר בויען א אייגען הויז און געפונען דיין גליק!...

חואן מיקעץ איז ביי די ווערטער רויט געווארען און אראבגעלאזט דעם קאפ.

דונא גראציע בעמערקט דאס און זאגט מיט א שמייכעל.

— אהא, דו ביזט רויט געווארען! דו האסט דיר שוין בוודאי גענומען וועהלען א געזעלשאפטערין אויף דיין לעבענסוועג! זאג מיר נאר, ווער איז די גליקליכע?

חואן מיקעץ שווייגט.

— דו שווייגסט, מיין ליעבער יוסף! פרעגט דונא גראציע איבערראשט — דו בליקסט מיך אן אזוי בעטריעבט! וואס זאל דאס בעדייטען? עפען מיר דיין הארץ, אפשר וועל איך דיר קענען ראטהען?

— איך האב געקעמפפט א שווערען קאמפף, טהייערע מוהמע! — זאגט ער — איך האב מיך איינגעהאלטען ביז אלע כחות, נישט ארייגצופאלען, אבער ס'איז מיר נישט מעגליך געוועזען... די ליעבע איז שטארקער געוועזען פון מיר...

— נו וואס איז דאביי? — פרעגט דונא גראציע — איך בין זיכער, אז דיין אויסדערוועהלטע איז ווירדיג צו זיין דיין בעגלייטערין אים לעבען!

— יא, דאס איז זי! — ענטפערט חואן מיקעץ שטיל — איך קען קיין עדלער און בעסער הארץ פון דעם איהריגען. אבער...

— וואס פאר א „אבער?"

— זי איז א קריסטין! — שעפטשעט חואן מיקעץ ארויס פון צווישען זיינע ליפען.

— א קריסטין! גרויסער גאט אים הימעל — רופט דונא גראציע דערשראקען אוים — א קריסטין! א קריסטין! — יוסף, יוסף! וואס האסטו געטהון? מיר אלע האבען אזוי פיעל געליטען און געקעמפפט, כדי צו מעגען עפענטליך צוריקקעהרען צום גלויבען פון אונזערע פעטער, און קוים איז דאס אונז געלונגען, ווילסטו אריינגעהמען א קריסטין אין אונזער משפחה?...

— זי וויל זיך אבער מגייר זיין! — זאגט חואן מיקעץ.

— זי וויל? — שאקעלט דונא גראציע מיט'ן קאפ — און ווען איהר משפחה וועט זי נישט לאזען? — אבער דו האסט מיר נאך נאר נישט געזאגט, ווער זי איז און פון וואנען זי איז!

— איהר משפחה איז דיר זיכער בעקאנט! — ענטפערט חואן מיקעץ — די פאמיליע קוריני איז איינע פון די ערעלסטע אין ווענעדיג...

— קוריני. קוריני! — רופט דונא גראציע — וואו קומסט דו צו זיי?

חואן מיקעץ דערצעהלט זיין מוהמע, אלעס וואס איז מיט איהם פאסירט, זייט ער איז אין ווענעדיג. דונא גראציע הערט אלעס רוהיג צו און נאכדעם ווי ער האט געענדיגט, בעמערקט זי:

— ווי ווייט איך קען די פערהעלטניסע, איז עס א אונמעגליכע זאך, דו זאלסט דא קומען צו א עק! די קוריני'ס וועלען איינליינען וועלטען און נישט דערלאזען, זייער טאכטער זאל ווערען א יודין! — ס'איז מיר אויך שווער צו גלייבען, אויב דיין לעאנארא אליין וועט האבען די ענטשלאסענהייט דאצו!...

— דאפון קענסט דו דיך תיכף איבערצייגען — זאגט חואן מיקעץ. ער עפענט די טהיר צום צווייטען צימער, און רופט:

— קום, לעאנארא, קום! עמפפאנג די ברכה פון מיין מוהמע, וועלכע האט אזוי לאנג געשמאכטעט אים קערקער פון דער ווענעציאנישען אינקוויזיציע, ווייל זי וויל בלייבען א יודישע טאכטער!

לעאנארא ערשיינט ביי דער טהיר און דערזעהנדיג די ערווירדיגע דונא גראציע, פאלט זי איהר צו די פיס און קושט איהרע הענד.

— אלס טאכטער ווענעדיג'ס בעט איך דיך, ערווירדיגע פרוי, אום פערצייהונג פאר דעם שלעכטס, וואס דו האסט אין מיין פאטערשטאדט ערפאהרען! דיין ביישפיעל, צו ליידען און צו איבערצוטראגען אלע צרות פאר דיין גלויבענס וועגען, וועט מיך שטארקען אין דעם שווערען קאמפף, וואס שטעהט מיר פאר!...

דונא גראציע בעטראכט דאס שעהנע, ציטערנדיגע מעדכען מיט א פריינדליכען בליק און זאגט:

— שטעה אויף מיין קינד! עס פאסט נישט פאר דער טאכטער קוריני'ס צו קניען פאר א יודישער פרוי! אויב דיין ענטשלוס איז אמת'דיג און פעסט, וועסטו אין מיר געפונען א טרייע מוטער, וואס וועט בעהיטען און בעשיצען דיינע טריט.

אבער אלס ערפאהרענע פרוי, וואס האט שוין אזויפיעל ביטער'ס ערלעבט, מוז איך דיר זאגען: איבערלעגט דיר גוט דעם שריט. וואס דו ווילסט טהון! דיינע עלטערן און דיינע ברידער וועלען עס בשום אופן נישט דערלאזען, דו זאלסט ווערען א יודין!

— מיין ענטשלוס איז פעסט! — ענטפערט לעאנארא — קיין איין מענש אין דער וועלט וועט מיך דאפון נישט אבהאלטען.

וויעדער הערט זיך אין דעם מאמענט א קלאפען ביי דער טהיר און נאך איידער די דריי אנוועזענדע קענען זיך אומקוקען, עפענט זיך די טהיר און ס'פאלען אריין דער אלטע קוריני מיט זיינע צוויי זוהן...

— אה, דו ביזט דא, מיין טהייערע שוועסטער — רופט דער יינגערע ברידער — ס'איז טאקי אמת, וואס מען האט אונז דערצעהלט! און דו חואן מיקעץ, האסט שוין בעלויהנט די גאסטפריינדשאפט, וואס מיר האבען דיר ערוויעזען, און ווילסט פערפיהרען אונזער שוועסטער! אויב דו ביזט ווירקליך א ערהענמאן, ווייסטו וואס דו האסט צו טהון... דאס שווערד וועט ענטשיידען צווישען אונז...

ער ציעהט זיין שווערד און וויל זיך שטירצען אויף חואן מיקעץ...

לעאנא־א אבער שפרינגט צווישען זיי, אויפהייבענדיג די הענד און רופענדיג:

— ברודער! פערגיעס נישט קיין בלוט! איך אליין בין אין אלעם שולדיג!

— דאס וועלען מיר זעהען — ענטפערט קוריני — חואן מיקעץ מוז אונז אלעם ערקלערען.

(פארטזעצונג קומט).

# א געלד־פעלשער.

דורך א צופאל האט די וויענער פאליצי פאריגע וואך ענטדעקט די שפורען פון א געלד־פעלשער, וועלכער האט זיך די „ארבייט" אזוי גוט איינגעריכטעט, אז ס'וואלט געוועהן שווער, די פאלזיפיקאטע צו דערקענען און ווער ווייסט, וויפיעל שאדען ער וואלט געוועהן אנגעמאכט. — אם 3 אפריל מעלדעט א וויענער שלאסערמייסטער ביי דער פאליציי, אז עפיס א פרוי האט איהם פערקויפט אבפעלע פון מעטאל, צווישען וועלכע ער האט געפונען שטיקער מעש מיט פערדעכטיגע פיגורען ווי פון קראנענשטיקע. די פאליציי האט תיכף געמאכט א אינטערזוכונג און ארויסגעפונען וואו די פרוי וואוהנט. ביי דער דורכזוכונג אין איהר וואוהנונג טרעפט זי דארט א פולקומען לויט די נייעסטע טעכנישע ערפינדונגען איינגעריכטעטע פרעגע־מאשין צור הערשטעלונג פון קראנענשטיקע, מיט אלע נויטהיגע מאטעריאלען ווי מעש, צינקבלעך, אנטימאן און רנל, ווי אויך א גאלוואניזירונגס־מאשין. אויף פיעל מעטאלפלעטלעך זענען שוין געוועזען איינגעפרעגט אבדריקע פון קראנענשטיקע, צום טוישען עהנליך, עבענזא א שמעלצטיגעל, און פערשיעדענע אנדערע איינריכטונגען, ווי אזוי צו געבען דעם צין א גלאנץ ווי זילבער. די פאכמענער, וועלכע מען האט גערופען, ערקלערען איינשטימיג, אז אזוי טעכניש און כעמיש פאלקאמען איז נאך קיין שום געלד־פעלשער נישט געוועזען איינגעריכטעט.

דער פעלשער אליין, א געוויסער יאהאן ביער, איז נישט געוועזען אין דער היים. מען האט אבער דארט געטראפען זיין פאטאגראפיע און פון איהר האט מען

דער געלדפעלשער יאהאן בייער.

רעדיקענט, אז מען האט דא צו טהון מיט א געריעבענעם גנב. וואס איז שוין עטליכע מאל געזעסען אין קרימינאל און אויך איצט זיצט ער אין באדען וועגען א גנבה פון פאהר-רעדער. אין דער היים האט מען אויך געטראפען א גאנצע מענגע געגנב'טע זאכען ווי פאהר-רעדער, וועש, שוך, היטע, קליידער, רעגענשירמע. עס שיינט, אז ביער האט בעטריעבען זיין „האנדווערק" אויף דעם גרויסען אופן.

די פרוי, זיין פערלאבטע, האט מען פערהאפטעט און אלע גנבות ווי אויך די מאשינען צוגענומען צו דער פאליציי.

יאהאן ביער, וואס זיין בילד ברענגען מיר אין היינטיגער נומער, וועט איבערנעשיקט ווערען קיין וויען נאכדעם ווי ער וועט אבזיצען זיין שט-אפע אין באדען.

# א צוועלפיעהריגער מאלער.

יונגע קינדער אלס מוזיק-ווירטואזען זענען נישט קיין זעלטענהייט. אויך אלס זענגער האבען מיר אזוינע וואונדערקינדער שוין אפט געזעהען און געהערט.

אבער יונגע קינדער אלס מאלער וועלכע מאלען קונסטפאלע בילדער און בעהערשען די טעכניק אין יעדער בעציעהונג, דאס איז ווירקליך א זעלטענע ערשיינונג.

און אזא וואונדערקינד איז איצט אויפגעטרעטען אין פאריז, א צוועלפיעהריג יונגעל, מוריצע לאוואלארד, האט אויסגעשטעלט אין דעם פאריזער „סאלאן", אין איינער פון די וויכטיגסטע קונסטאויסשטעלונגען, עטליכע בילדער, וועלכע ערוועקען די גרעסטע בעוואונדערונג פון אלע פאכמענער און קונסט-קריטיקער.

מוריצע לאוואלארד, וואס זיין בילד ברענגען מיר אין היינטיגער נומער, האט אלס קונסטמאלער א גרויסע צוקונפט.

# א פליה-מאשין.

גלייכצייטיג מיט דער פאלקאמענען ערפינדונג פון דעם לענקבארען לופט-באלאן איז עס אויך געלונגען צו לעזען דאס פראבלעם פון דער פליה-מאשין. די פליה-מאשין איז פיעל איינפאכער געבויט ווי דער לופט-באלאן, איז אויך בילינער און לייכטער הער-צושטעלען.

לעת-עתה קענען אבער די פליה-מאשין נישט ערר רייכען די שנעלליגקייט און די אויסדויער פון די לופט-באלאנס. קוים א שעה קענען זיי זיך האלטען אין דער לופט און זייער פליה-שטרעקע איז ענג בעגרעניצט. ס'איז אבער צו ערווארטען, אז מיט דער צייט וועלען אויך די פליה-מאשינען פערבעסערט און פערפאלקאמענט ווערען.

ביזהער האבען די ברידער אורייהט ערדייכט דעם גרעסטען ערפאלג מיט זייערע פליה-אפאראטע. איצט האט אויך דער וויענער אינזשעניער הייםפיש פערטיגגעשטעלט א פליה-אפאראט, וועלכער איז בעסער פון די ערשטערע און דיעזע טעג וועט מען איהם פרובען אויף דעם מאנעווער-פעלד ביי וויענער-נייישטאדט. דער פליה-אפאראט ווערד בעטריעבען מיט א 45-פפערדיגען בענזין-מאטאר. איז 400 קילא שווער און זיצט אויף דריי רעדער. אים גאנצען איז ער געבויט פון מאנגעסמאן-רעהרען און האלץ.

א פליעה-מאשין; די פונ'ם וויענער אינזשעניער הייםישאנגעפערטיגטע פליעה-מאשין.

דר. עלבאגען'ס געשיקליכקייט געלונגען, צו רעטען דעם אנגעקלאגטען הייגריך קליין פון דער תליה.

בעקאנט זענען אויך די אנשטרענגונגען פון דעם פערשטארבענעם אין דער אנגעלעגענהייט הילזנער. ער האט אנגעווענדעט אלע מיטעל. הערבייצופיהרען א רעוויזיע פון דעם עלילת-דם-פראצעס אין וועלכען הילזנער איז פערארטהיילט געווארען און זיצט שוין א צעהנדליגג יאהרען אין קערקער. לייעדער איז איהם דאס נישט געלונגען אויס פערשיעדענע טעמים.

דר. עלבאגען איז אויך געוועזען שריפטשטעלעריש טהעטיג. ער איז געוועזען רעדאקטאר פון דער יוריסטישער צייטונג „דאס בארראה". אויך האט ער געשריעבען עטליכע נאוועלען און דראמען, איינע פון זיי איז אויך אויפגעפיהרט געווארען אים וויענער בורגטהעאטער.

דער טויר פון דיעזען טיכטיגען אדוואקאט, וואס זיין בילד ברענגען מיר אין אונזער היינטיגער נומער, האט ערוועקט אין וויען גרויסע טהיילנאהמע.

יאן יעלענסקי, דער בעקאנטער פוילישער אנטיסעמיט געשטארבען

די העכסטע קרייזע אין וויען אינטערסירען זיך שטארק מיט דעם אפאראט. פון וועלכען מיר ברענגען א פאטאגראפיש בילד אין היינטיגער נומער. פאריגע וואך האט ערצהערצאג ריינער בעזיכטיגט דעם אפאראט און אויסגעדריקט זיין גרעסטע צופריעדענהייט איבער דעם ערפאלג פון דעם יונגען אינזשעניער.

# דר. עלבויגען געשטארבען.

אין וויען איז פאריגע וואך נאך א קורצער קראנקהייט געשטארבען דער יודישער אדוואקאט דר. עלבאגען, 55 יאהר אלט.

דער פערשטארבענער איז געוועזען איינער פון די וויכטיגסטע עסטערייכישע פערטהיידיגער אין שטראפזאכען. ער איז אלס רעדנער, ווי אלס יוריסט געוועזען גלייך בערירהמט און האט אין פיעלע וויכטיגע פראצעסען געשפיעלט א גרויסע ראלע.

בעקאנט זענען זיינע פערטהיידיגונגען אין דעם פראצעס קעגען דעם סאליציטאטאר אייבינגער (א געוועזענער אבערלייטנאנט, וועלכער האט זיך צוליעב א יודיש מיידעל מגייר געוועזען), וואס האט זיין שקר, דעם אדוואקאט דר. ראטהציעגעל ערמארדעט, און אין פראצעס געגען דעם מערדערפאאר קליין, אין דיעזעם פראצעס איז עס

# יאן יעלענסקי געשטארבען.

אין ווארשא איז פאריגע וואך געשטארבען פון אפאפלעקסיע דער גרעסטער און געפעהרליכסטער אנטיסעמיט אין פוילען, יאן יעלענסקי, 64 יאהר אלט.

וואס שטעקער איז געוועזען אין דייטשלאנד, דרימאן אין פראנקרייך, סובארין אין רוסלאנד, דאס איז געוועזען יעלענסקי אין פוילען און זיינע אנטיסעמיטישע העצערייען

דר. פריעדריך עלבאגע.

דער רוסישער מיניסטער-פרעזידענט ס אליפין.

גראַצעס סיטשינסקי: דער צום טוידט פערורטהיילטע מיראסלאוו סיטשינסקי.

וועלען אויספילען אַ שוואַרץ בלאַט אין דער געשיכטע פון יודען אין רוסיש־פוילען אין די לעצטע 25 יאהר.

ווי אַלע אַנטיסעמיטען האט יעלענסקי אָנגעהויבען זיין „ווירקזאַמקייט" אַלס ליבעראַל־ראַדיקאַלער פובליציסט. ער איז געווען בעאַמטער ביי דער וואַרשויער יענער באַהן אַ דאַנק דער פּראָטעקציע פון דעם געטויפטען יוד בלאך. (מען זאגט, אַז אויך יעלענסקי שטאַמט אָב פון יודען).

כדי צו אַוואַנסירען העכער און העכער נישט לויט זיינע פעהיגקייטען האט ער אָנגעהויבען צו פערעפענטליכען אַרטיקעל איבער ד באַהנפערוואַלטונג, אויסזאָגענדיג פערשיעדענע נישט־אַנגענעהמע סודות. בלאָך, וועלכער איז געווען בעקאַנט דורך זיין ענערגיע, האט צוואַר גוט געוואוסט, פון וועמען די אַרטיקעל שטאַמען, אָבער ער האט זיך געלאזט איינשיכטערן און יעלענסקי'ן נאַכגעגעבען אלין וואס ער האט פערלאַנגט, כדי ער זאל איהם לאזען צו רוה.

יעלענסקי זעהענדיג, אַז מען קען מיט שימפּפען, פערדעכטיגען און דראָהונגען מאַכען גוטע געשעפטען, איז אויסגעטרעטען פון דער באַהן און געוואָרען פובליציסט, אין זיין בראָשורע „יודען, דייטשען און פוילען" האט ער אויסגעשיט גיפט און גאַל איבער די יודען אויף דעם ניעדערטרעכטיגסטען אופן.

אין זיין אַנטיסעמיטיש־קלעריקאַל בלעטיל „ראָלאַ" האט ער נישט אויפגעהערט צו אַנטירען און צו העצען געגען יודען, דורך דער „ראָלאַ" האבען טויזענדער יודישע קרעמער'ס אין די פוילישע דערפער און שטעדטליך פערלוירען זייער ברויט.

יעלענסקי, זעהענדיג אַז מיט שנאה צו יודען און מיט חנופה צו די קלעריקאַלען קען מען מאַכען אַ קאַריערע, האט געשפּיעלט די ראָליע פון אַ „פרומען" מענש, צוגעחנפ'ט און צוגעצויגען די קאַטוילישע גלחים, וועלכע האבען פון זייער זייט פערשפּרייט די תורה פון דעם שמוצבלעטיל צווישען פאָלק.

די בייזע ווירקונג פון דער „ראָלאַ" איז געווען זעהר גרויס, די גלחים האָבען איהם געשטיצט און פערשפּרייט זיין בלאַט, די קריסטליכע סוחרים האבען, כדי צו קאָנקוריערען מיט די יודען, איהם געשטיצט מיט אַנאָנסען. און יעלענסקי, האט דאַבייא געמאַכט גוטע געשעפטען, געוואָרען איינגעטהימער פון הייזער און איבערגעלאָזט אַ גרויס פערמעגען זיינע יורשים.

יעלענסקי, וואס זיין בילד ברענגען מיר אין אונזער היינטיגער נומער, האָט אויך איבערגעלאָזט אַ זוהן, וואס איז אין איהם געראָטהען און געהט אין זיינע דרכים. ער וועט אויך ווייטער רעדיגירען די „ראָלאַ" אין דעם ביזהעריגען „גייסט"...

די פוילען אָבער וועלען ווייטער בעהויפּטען, אַז ביי זיי איז קיין אַנטיסעמיטיזמוס נישט פערהאַנען...

# דער רוסישע מיניסטער פּרעזידענט סטאָליפּין.

זייט אַ צייט געהען אין רוסלאַנד אַרום קלאַנגען, אַז דער מיניסטער פּרעזידענט סטאָליפּין וועט באַלד אַבטרעטען.

די ידיעות זענען אָבער, ווי ס'זעהט אויס, נישט אמת. ערשט דיעזע טעג האט סטאָליפּין בעקומען פון דעם רוסישען קייזער אַ גאַר פריינדליך האַנדשרייבען אין וועלכען דער צאַר דאַנקט איהם פאַר זיין בעזהעריגען טהעטיגקייט און איז איהם מכבד מיט אַ הויכען אָרדען.

סטאָליפּין, וועלכער איז אין דער ערשטער צייט פון זיין רעגירונג שטאַרק בעקעמפט געוואָרען פון די פאָרטשריטליכע גרופען אין רוסלאַנד אַלס „רעאַקציאָנערער פּאָליטיקער", ווערד איצט נאָך שטאַרקער בעקעמפט פון די רעאַקציאָנערע אַלס „צו ליבעראַל", און זיי, די רעאַקציאָנערען, זענען עס אויך, וואס וואָלטען איהם גערן בעזייטיגט און אַרויפגעזעצט אויף'ן בענקיל ווייער אַ פערטרויענסמאַן...

סטאָליפּין אַליין האט זיך אָבער נישט געענדערט. ער איז היינט נישט „ליבעראַלער" ווי פריהער. זיין שטרענגע פּאָליטיק האט געשאַפען אַ רוהיגע צושטענדע אין לאַנד, אַז די רעאַקציאָנערע גלייבען שוין, איצט איז ז ייער צייט געקומען און מען קען שוין ווידער איינפיהרען די אַלטע צושטענדע פון פּלעהווע'ס רעזשים.

לעת־עתה אָבער ווילען די מאַסגעבענדע קרייזען אין רוסלאַנד נישט צולאָזען די „שוואַרצע מאות'ניקעס" צו דער הערשאַפט און סטאָליפּין בלייבט דערווייל — ווער ווייסט אויף ווי לאַנג...

סטאָליפּין, וואס זיין בילד ברענגען מיר אין אונזער היינטיגער נומער, איז זייט אַ צייט קראַנק און געפינט זיך אין דער קרים אויף ערהאָלונג. דער פינאַנצמיניסטער קאָקאָווצעוו איז זיין שטעלפערטרעטער אים מיניסטער־פּרעזידיום.

# פּראָצעס סיטשינסקי.

פאַר דעם שווורגעריכט אין לעמבערג איז פאָריגע וואָך אַבגעהאַלטען געוואָרען דער פּראָצעס קעגען דעם רוטהעניש׳ען סטודענט מיראָסלאוו סיטשינסקי, וועלכער האט פאָריגעס יאהר אַם 12 אפּריל דערשאָסען דעם גאַליציישען שטאַטהאַלטער גראַף אַנדרזיי פּאָטאָצקי.

סיטשינסקי איז שוין איינמאל פערורטהיילט געוואָרען צום טוידט. אבער דער קאַסאַציאָנסהאָף האט דאס אורטהייל קאַסירט און פערלאַנגט. מען זאל צוערשט אונטערזוכען דעם גייסטיגען צושטאַנד פון דעם אַנגעקלאַגטען, אפשר איז ער גאַר נישט געווען ביים ריינעם שכל און קען נישט פעראַנטוואָרטליך געמאַכט ווערען פאַר זיין טהאַט.

די ערצטליכע אונטערזוכונג האט געדויערט עטליכע חדשים און די ערצטע זענען געקומען צו דעם בעשלוס, אַז סיטשינסקי איז צוואַר אַ זעהר אויפגערעגטער, נערוועזער מענש, אבער ער איז נישט שוואַכזיניג און נישט משוגע, ער האט דאס אַטענטאַט בעגאַנגען גוט איבערלעגט און איז פעראַנטוואָרטליך דאַפאַר.

סיטשינסקי אַליין האט זיך כסדר געטענה'ט, אַז ער האט גוט געוואוסט, וואָס ער טהוט; זיין טהאַט איז געווען אַ פּאָליטישע. ער האט זיך געוואָלט נוקם זיין אין דעם שטאַטהאַלטער פאַר די אונטערדריקונגען וועלכע געשעהען אין גאַליציען קעגען די רוטהענען.

סיטשינסקי איז נישט איינשטימיג געווען מיט זיינע פערטהיידיגער, וועלכע האָבען איהם געוואָלט בעפרייען בעהויפּטענדיג, אַז ער האט בעגאַנגען די טהאַט אין אַ אויפגערעגטען צושטאַנד, אונטער אַ פּסיכאָלאָגישען צוואַנג, און האט נישט געוואוסט וואס ער טהוט. אדרבה, ער וויל אויף זיך גערן נעהמען דאס אחריות פון זיין טהאַט.

די פערהאַנדלונג האט געדויערט דריי טעג און די געשוואָרענע האבען איינשטימיג ערקלערט אַז ער איז שולדיג אין דער ערמאָרדונג פונ'ם שטאַטהאַלטער. עבענזאָ האבען זיי איינשטימיג פערניינט די פראַגע, אַז ער האט אפשר געהאַנדעלט אונטער אַ פּסיכאָלאָגישען צוואַנג.

דער געריכטסהאָף האט סיטשינסקי אויף גרונד פון דעם וואָטום פון די געשוואָרענע פערורטהיילט צום טוידט דורך תליה. אָבער עס הערט זיך, אַז גלייכצייטיג איז געפאַסט געוואָרען דער בעשלוס, דעם פערורטהיילטען צו עמפּפעהלען דער קאַיזערליכער בעגנאַדיגונג.

סיטשינסקי, וואס זיין בילד ברענגען מיר אין היינטיגער נומער, איז קוים 20 יאָהר אַלט. ער האָט פערנומען זיין אורטהייל רוהיג און מיט אַ שמייכעל צו זיין מוטער, וועלכע איז ערשיענען אַלס עדות אין דעם פּראָצעס.

א צוועלפיעהריגער מאהלער: דער צוועלף־יעהריגער כוריצע לאיזאלארר, וואס זיינע בילדער זענען אויסגעשטעלט אים פּאַריזער קונסט־סאַלאָן.

קעניג קארל פון רומעניען.

# פון דער אדמיניסטראציע.

נייע אבאנענטען בעקומען אלס פּרעמיע דעם היסטארישען ראמאן „דוד שפירא" סעפּאַראַט געדרוקט אין שענער אויסשטאטונג.

# עֲלִילַת־דָם.

(אַ מעשה פון בית־המדרש).

— אַ קענען וואס איהר מיינט עלילת־דם — ואנט ר' תנחום יושב צו די א־זום איהם שטעהענדע בטלנים אין אַ קאַלטען ווינטער־טאג אין גרויסען בית־המדרש נעבען דער הרובע – יא, יא, עלילת־דם! אט דאס נאַרישע בלבול האט אונז יודען שון געקאָסט זעהר פיעל בלוט... אבער ס'איז אַ מערקווירקווירדינע זאך, דער אמת איז תמיד אַרויסגעקומען ווי בוימעל אויף'ן וואסער.

און אויב נישט בדרך־הטבע, איז עס בדרך נס, ס'איז ממש ווי ס'שטעהט אין דער הגדה: „שבכל דור ודור עומדים עלינו לכלותנו והקב"ה מצילנו מידם". אין יעדען דור שטעהט מען אויף אונז אויף, אונז צו פערלענדען, אבער הקב"ה איז אונז מציל פון זייערע הענד!"

איך וואלט אייך געקענט דערצעהלען הונדערטער מעשיות פון די גרויסע נסים וואס זענען אונז יודען געשעהען אין דער זאך, אבער ס'איז שון שפעט, באַלד דארף מען שון מנחה דאווינען, איך וויל אייך נאר דערצעהלען אַ קליין מעשה'לע בקצור, פון דעם שפיטשיפקער רב זכותו יגן עלינו.

דער שפיטשיפקער, ר' משה'לע האט ער געהייסען, איז געוועזען אַ גרויסער גאון, מען קען זאגען אַ יחיד בדורו; פון אלע לענדער פלעגט מען צו איהם שרייבען שאלות ותשובות און זיינע פסקים זענען געוועזען ממש „הלכה אחרונה".

דאבּיי איז ער געוועזען אַ פרומער יוד, אַ מדקדק במצוות כחוט השערה. זיין ערליכקייט און פרומקייט איז נאך גרעסער געוועזען פון זיין גרויסקייט אין לערנען.

אפער, ווי אלע גרויסע צדיקים, איז ער נעשט־אפּט געוואָרען אויף דעם עולם־הזה, כדי ער זאל דאפאר האָבען אַ גרעסערן חלק לעולם־הבא.

זיין איינציגער זוהן, הענין'ל, איז געחאפּט געוואָרען אין דער טומאה רחמנא־לצלן און האט זיך בחוץ־ווייז געשמד...

מילא געשמד איז געשמד! אבער דער רשע איז טאַקי געוואָרען אַ שונא־ישראל ארגער ווי המן... אַ פערברענטער מסור; יעדען טאג האט ער אויסגעזוכט נייע בלבולים אויף יודען... ס'איז נישט געוועזען פון איהם אויסצוהאַלטען.

די בעלי־הבתים פון דער קהלה פלעגען אפט קומען צום שפיטשיפקער מיט טענות: סטייטש, רב! אפשר וואלט איהר איהם געקענט פערמאַכען דעם טרפה'נעם פיסקאַטש! מילא ס'איז טאַקי אייער פלייש און בלוט, אבער פאַרט אַ עוכר־ישראל. אַ רשע פון די וואס „מורידין ולא מעלין".

דער שפיטשיפקער זכרונו לברכה אבער פלעגט תמיד ענטפערן: „שבקיה לרויה דממילא נפיל". לאזט דעם שכור געהן, ער וועט שוין אליין פאלען און ברעכען דעם קאפּ...

וכך הוה — און אזוי איז טאַקי געוועזען... האָרכט־זשע נור צו.

ס'איז געוועזען אמאל פסח צו נאַכט צום ערשטען סדר, סאיז גראד געפאלען שבת ערב פסח און מען האט ערשט נאך מעריב געקענט אנהויבען צו קאכען די סדר־מאכלים.

דער שפיטשיפקער זכרונו לברכה איז אהיים געקומען פונ'ם דאַווינען, איז איהם די רביצין מודיע, אז ס'וועט נאך דויערן אַ היבשע צייט ביז מען וועט זיך קענען זעצען צום סדר.

נו, מילא וואס, נעמט דער רב דערווייל די גמרא פסחים און זעצט זיך לערנען.

אבער ער ווערד פלוצים שטאַרק שלעפעריג און וואס ער זאל זיך נישט שטאַרקען, זיך אויפצוהאַלטען פונ'ם שלאף, ס'העלפט נישט און באַלד טאַקי ווערד ער אַזוי אנגעשפאַרט בייים טיש אַנטשלאפען.

ער חלומ'ט אַ זיסען חלום: ער זיצט בייים סדר אין דער גרויסער שוהל, ארום איהם די גאנצע קהלה, אלע חשובי העיר, די „פני", מיט זייערע קינדער און אייניקליך, אלע זאגען די הגדה מיט גרויס התלהבות און זייערע פנים'ער גלענצען פאר פרייד, אַ זיסער ליעבער נעזאנג קלינגט איבער דער גאַנצער גרויסער שוהל: „אדיר הוא, ב־וך הוא, גדול הוא, דגיל הוא יבנה ביתו בקרוב, במהרה במהרה בימינו בקרוב, אל בנה אל בנה בנה ביתך בקרוב!

דעם רב'ס האַרץ פיהלט דעם אמת'דיגען תענוג יום־טוב, זיין נשמה פליעהט אין דער הייך, העכער העכער ביז צום הימעל, ביז צו די מלאכי הש"ת, ביז צום כסא־הכבוד, ביז צו דער שכינה אליין.

פלוצים הערט ער עמיס אַ ווילד קול רופען:

— משה!... משה!... משה!...

ער חאפּט זיך אויף אַ דערשראָקענער און רופט צו דער רביצין, אין קיך אריין:

— וואס? ס'איז שוין פאַרטיג, מען קען שוין אנהייבען דעם סדר?

— ניין! — ענטפערט זי, — ס'וועט נאך דויערן אַ ווייל!

— ווער'זשע האט דאס מיך דאס גערופען? — חידוש'ט זיך דער רב. אבער ער קען זיך נישט לאנג מאַכען דאריבער קיין געדאַנקען, באַלד פערזינקט ער ווייטער אין אַ טיעפען שלאף...

און איצט זעהט ער שוין נאר אַנ'אנדערן חלום:

זיין זוהן, דער משומד, האט ווידער אויסגעטראַכט עפּיס אַ בלבול אויף יודען און איצט שטעהט ער פאַר דעם טאַטען און רייצט זיך מיט איהם. דעם משומדס פנים שיינט פאַר פרייד און ער בערימט זיך, אז איצט האט ער שוין אָבגעטהון די יודען אַזא שפיצעל, אז זיי וועלען איהם שוין האבען צו געדענקען אויף לאַנגע יאה־ען.

פלוצים הערט ער ווידער דאס שטאַרקע ווילדע קול:

— משה!... משה!... משה!... רוים אַרויס דעם חמין!...

מיט אַ טוידטשרעק האפּט ער זיך אויף און די לעצטע ווערטער קלינגען אין זיינע אויערן! „רוים אַרויס דעם חמין!" זאל זיך איהם חס־וחלילה האבען געטראָפען עפּיס אַ מכשול! ער האט דאָך בודק־חמץ געוועזען כחורין ובסדקין, אין אלע שפאַרעס, אין אלע נאַרעס, אים קעלער און אויב'ן בוידעם אין די קאמערן און איבעראל, וואו נאר ס'איז געוועזען דער מינדסטער חשש המין...

ער וויל שוין נעהמען אַ ליכט און אנהייבען נאך אמאל זוכען אין אלע ווינקעליך. אַ קשיא אויף אַ מעשה, אפשר האט ער ערגיץ־וואו איבערגעלאָזט אַ חמין.

אבער עס בעפאלט איהם ווידער אַ שווערער שלאף און ווי צוגעשלאָגען בלייבט ער זיצען אויף דער שטוהל דריעמעלנדיג ווייטער.

איצט זעהט ער זיך ווידער אין חלום אין דער גרויסער שוהל. פריילליך און לוסטיג; אַרום און ארום זיצען יודען אין יום־טוב'דיגע בגדים און זינגען „יום ליבשה" מיט אַ וואונדערשענעם זיסען ניגון, אז עס צעגעהט זיך אזיש אין אלע איברים פאַר גרויס מתיקות...

און ווידער דערהערט ער פלוצים דאס שטאַרקע, ווילדע קול...

— משה! משה! משה! וואס שלאפסטו, רוים אוים דעם חמץ פון מיין הויז!

איצט חאפּט ער זיך אויף און מיט אלע כהות הייבט ער זיך אויף פונ'ם שטוהל און נעהמט ארום מיט שנעלע שריט אין צימער, כדי זיך אַויפצופרישען פונ'ם שלאף...

— „רוים אַרויס דעם חמין פון מיין הויז!" אט די ווערטער קלינגען איהם אין די אויערן ווי אַ גלאק... זיינע היינטיגע חלומות פליעהען נאך אמאל אַדורך זיינע געדאַנקען, אלעס וואס ער האט געזעהען, שטעהט איהם ווידער פאַר די אויגען און אין בילד נעפונט ער אַ צו־זאמענהאנג צווישען די דריי חלומות. וואָס האבען זיך איהם אקערשט געחלומ'ט.

— חמץ אין מיין הויז? אין וועמעס הויז? הא? אפשר אין גאט'ס הויז, אין שוהל? אוי, ד ם איז נישט קיין פשוט'ע זאך, מען מוז אַריין זעהן...

שטיל טהוט ער זיך אן דאס שטריימעל און דעם גאַרטעל און געהט אַרויס פון צימער, די רביצין זאל נישט הערען.

מיט שנעלע שטילע שריט שפרייזט ער איבער דער גאַס, העל בעלייכט די לבנה די שמאלע יודישע געסליך מיט זייערע קליינע הייזלעך, פון אלע פענסטער־לייכטען זיך אַרויס די יום־טוב'דיגע לעכט.

דרויסען איז שטיל רוהיג, מען הערט נישט קיין שאָרך, דער רב הערט בלויז דאס ווידער־קול פון זיינע אייגענע טריט.

אַריינקומענדיג אין שוהל אַריין הערשט דארט אַ פינסטערניש, נאר נעבען ארון־קודש ברענט דאס נר־תמיד מיט אַ געשפענסטישען שיין. דער רב געהט צו צום אָרון־קודש, קושט דאס פרוכת, עפענט דעם ארון־קודש און זוכט דארט אין אלע ווינקעלעך.

ס'איז אפער דארט גאר נישט צו זעהען, בלויז עטליכע ספרי תורות שטעהען ווי געווענליך אין אַ היימלינער שטילקייט. נעבען זיי דאס פלעשעל ווייץ אויף קידוש און הבדלה.

אין די ערשטע טעג פסח מאכט מען אין שוהל קיין קידוש נישט, ווייל „אפילו עני שבעניים יש לו יין לארבע כוסות". דאס פסח'דיגע פלעשיל האט בעדאַרפט זיין לעער.

אבער בייים שיין פונ'ם ליכט דערקענט דער רב, אז ס'איז עפּיס דא דרינען.

נישט פיעל קלערענדיג, אהן אַ ברכה נעמט ער עס צום מויל און ניבט אַ זופּ...

זיין גאַנצער קערפּער גיבט אַ ציטער... דאס פלעשיל פאלט איהם שיער נישט אַ־וים פון דער האנד...

— המין! מען בעדאַרף עס אויסרוימען! – בלוט... עלילת־דם! אַ בלבול אויף יודען — אוי, דאס האבען בעטייט די חלומות!...

שטיל ווי ער איז אַריינגעקומען, נעהט דער רב ווידער אַרויס, דאס פלעשיל אונטער די פאלעס.

אהיים־קומענדיג ניעסט ער דעם געפעהרליכען אינהאלט אויס אין בית־הכסא, ניעסט אן פרישען וויין און דערנאָך טראגט ער עס צוריק אין שוהל אַריין און שטעלט עס אויף זיין אָרט אין ארון־קודש.

— — — — — — — — — — —

דעם אַנדערן טאג אין דער פ־יה, ווען די יודען זענען געוועזען פערזאַמעלט אין דער גרויסער שוהל בייים דאווינען און דער חזן האט גראד געהאַלטען בייים זינגען פון הלל, דערהערט זיך פלוצים פאַר דער שוהל אַ שרעקליכער ליארם.

ס איז אנגעקומען דער ריכטער פון שטעטיל, מיט'ן גלח, מיט'ן שרייבער, געפיהרט פון דעם משומד היעראָנים (אַזוי האט ער נאך דער שמד געהייסען) און בעגלייטעט פון אַ גאַנצען הויפען זאלדאַטען.

אויף די יודען איז געפאלען אימת מות. איינער דעם אנדערן האט געפרעגט:

— וואס ווילען די זאַלדאַטען ביי אונז?

— אפשר נייע גזירות?

— אדער נאר נייע בלבולים?

— זיי ווילען אונז שטער'ען דעם יום־טוב?

— אונז פערשליעסען אין פינסטערן קערקער?

אט אַזוינע פראַגען פרעגען די דערשראָקענע יודען איינער דעם אנדערן.

נאר דער רב שטעהט רוהיג מיט'ן טלית אויף'ן קאפּ און רופט:

— האט קיין מורא, יודען! לאזט אייך נישט שטער'ען דעם יום־טוב! ג־וים איז אונזער גאט און זיינע נסים!

אין דעם מאמענט עפענען זיך שוין די טהירען פון דער שוהל און ס'קומט אריין דער ריכטער מיט'ן גלח מיט'ן שרייבער, פאַ־ויס געהט היעראָנימוס, שטאלץ ווי אַ העלד נאך אַ זיעגרייכער מלחמה און נאך די זאל־דאַטען מיט אויפגעשטעלטע לאַנגע שפּיזען און שווערדען.

היעראָנימוס אויגען בלישטשען מיט אַ ווילד פייער'ל ווי פון אַ טיגער בשעת ער וויל זיך ווארפען אויף דעם הילפלאָזען שעפּעלע, אַ בליק פול שטאלץ און פעראכטונג ווארפט ער איבער דער גרויסער שוהל, אַ

מינוט לאַנג קוקט ער אויף זיין פֿאָטער, דעם רב, און ועהענדיג ווי יעדער וויל איצט איהם נישט אָנקוקען, ווערד ער שטאַרק אין כעס און קריצט מיט די ציינער:

— וואַרט, אַלטער, דו וועסט שוין באַלד ציטערן פֿאַר מיין מאַכט...

דער ריכטער איז געקליידעט אין א לאַנגען שוואַרצען מאַנטעל מיט אַ גרויסען צלם אויף דעם האַלז. ער קוקט מיט א מין האַסטען ערנסט אויף די דערשראָקענע יודען, דער גלח שמייכעלט איראָניש און זיין האַרץ איז פֿול פֿרייד דאַריבער, וואָס ער וועט קענען זיך נוקם זיין אין די יודען, דער שרייבער האַלט א גרויסען בויגען פּאַפּיער אין די הענד, פֿון וועלכען ער לאָזט קיין אויג נישט אראָב.

די דריי לייט שטעלען זיך אויף נעבען דעם אָרון־קודש און דער שרייבער לעזט פֿאַר די פֿון היעראָנימוס געשריבענע מסירה:

— ביי די יודען איז היינט פּסח, דער שרעקליכער יום־טוב, אין וועלכען זיי געבּרויכען בלוט פֿון קריסטליכע קינדער צו די מצות. נעכטען זענען טאַקי צוויי קריסטליכע קינדער פֿערשוואונדען און זייער בלוט געפֿונט זיך אין ארון־קודש אין א פֿלעשיל...

די יודישע קהלה הערט דאָס דאָזיגע אַלטע גרויזאַמע ליעד מיט אַ טויד־שטילקייט. היעראָנימוס דער משומד שמייכעלט ביטער; מיט שטאָלצע פֿעסטע טריט געהט ער צום אָרון־קודש, עפֿענט עס און נעמט אַרויס דאָס פֿלעשילע ווייזן מיט א טריאומפֿירענדער מינע...

— אָט איז דאָ דאָס בלוט! — רופֿט ער — איצט קענען זיך אַלע איבערצייגען.

ער גיעסט אָן אַ ביסעל אין דעם קידוש בעכער אַריין און רייכט עס דעם ריכטער.

האַלב־טויט שטעהען די יודען, זייערע הערצער הערען אויף צו קלאַפּען, אין דער גרויסער שוהל איז אַזוי שטיל, אַז מען וואָלט געקענט הערען אַ פֿליעג פֿליעהען.

רוהיג, גלייך ווי נישט איהם מיינט מען, לאָזט דער רב אַראָב דעם טלית פֿונ'ם קאָפּ אויף די אַקסעל און רופֿט מיט א פֿעסטען קול:

— איהר קענט עס רוהיג פֿערזוכען, הערר ריכטער! מען האָט אייך אָבגענאַרט! ליגען זאָגט דער פֿאַלשער בלבול־מאַכער, דער בייזער משומד! ס'איז ריינער טרויבען־וויין, וואָס מיר האַלטען אין שוהל צו קידוש און צו הבדלה! אָט וועל איך עס טרינקען מיט אַ ברכה!

דער משומד זאָגט מיט א בייזען שמייכעל:

— ניבט ער איהם! ער וועט שוין זעהען, וואָס פֿאַר אַ טעם דער זיסער וויין האָט!

הויך און זיכער מאַכט דער רב די ברכה: „בורא פּרי הגפן!" הויך ענפֿערן אַלע יודען „אמן" און דער רב טרינקט אַ ביסעל פֿון דעם וויין.

היעראָנימוס קוקט אויף איהם פֿערוואונדערט און זאָגט:

— איצט וועט נאָך דער הערר ריכטער דעם קידוש־וויין פֿערזוכען — מיר וועלען באַלד זעהען דעם אמת!

דער ריכטער נעהמט צו דעם בעכער צו זיינע ליפּען און פֿערזוכט אַ ביסעל. פֿרעמדענדיג בליקט ער אויף היעראָנימוס און זאָגט:

— יאָ, ס'איז אמת! זיסער וויין איז דאָס, געשמאַקער זיסער וויין!

היעראָנימוס גלייבט נאָך אַלץ נישט! ווי קען דאָס זיין! ער האָט דאָך אַליין דאָס פֿלעשיל בלוט דא אין ארון־הקודש געלעגט ביי נאַכט נאָך דעם דאַווענען, ווען אַלע יודען זענען געווען ביים סדר, איינגעשטעלט.

ער זופּט אויך א ביסעל פֿונ'ם פֿלעשיל און מורמעלט! — וויים איך וואָס? ס'איז עפּים אַ כשוף!

דאָס פֿלעשיל נעהמט איצט פֿון האַנד צו האַנד, פֿונ'ם ריכטער צום גלח, פֿונ'ם גלח צום שרייבער, אַלע פֿערזוכען די משקה און מורמלען:

— וויין! וויין!

איצט ווערד שוין דער טומעל גרעסער, היעראָנימוס פֿאַלט אַ ניערער ווי אַ שווערער שטיין נעבען ארון קודש און דער ריכטער, טופּענדיג מיט די פֿוס, בעפֿעהלט:

— טראָגט איהם אַרויס פֿון דאַנען, דעם ליגנער! ער האָט אונז אומזיסט אַהערגעפֿיהרט, אָבגענאַרט, פֿון אונז חוזק געמאַכט! אומזיסט איבערגעשראָקען די יודען!

די זאָלדאַטען שטעקען צוריק זייערע שווערדען אין די שיידען און טראָגען אַרויס דעם געלעהמטען משומד און דער רב רופֿט מיט שמחה:

— „כן יאבדו כל אויביך ד'!" — אזוי זאָלען פֿערלוירען ווערען אַלע דיינע פֿיינד, גאָט, וואָס ווילען אונז שלעכטס טהון!

רוהיג, גלייך ווי ס'וואָלט קיין זאַך געשעהען, געהט דער חזן צוריק צום עמוד און זאָגט ווייטער דעם הלל, דאָרט וואו ער איז פֿריהער שטעהען געבליעבען:

„אודך כי עניתני ותהי לי לישועה!"

ק. ר.

# פֿון נאָהנט און וויים.

— א שרעקליכער מאָרד איז פֿאָרגעקומען ביי נאַכט פֿון 16־טען אויף דעם 17־טען מערץ אין דערפֿעל סטעפּאנאָווא, עטליכע וויאָרסט פֿון דעם שטעדטעל גלובאָקע אין ווילנער גובערניע. 3 אונבעוואוסטע יונגע לייט זענען אַריין צום פּויער לערניקאָוו און האָבען געבעטען, מ'זאָל זיי געבען אָבעסען. דער בעל־הבית האָט זיי נוט אויפֿגענומען און פֿאַרנעלעגט. זיי זאָלען ביי איהם נעכטיגען. די געסט האָבען זיך אָבגעזאָגט פֿון בלייבען נעכטיגען און זענען אַוועק. אין אַ האַלבע־שעה אַרום זענען זיי געקומען צוריק און האָבען זיך בעהאַלטען אין הויף, אין אַ שטייכלער, און האָבען געוואַרט, ביז אין הויז וועלען אַלע איינשלאָפֿען. דאַן האָבען די רויבער אויסגעבראָכען א פֿענסטער, זענען אַריין אין הויז און האָבען צום ערשטען געקוילעט אַ 70־יאָהריגען זקן, דערנאָך האָבען די מערדער אויך געקוילעט און אָבגעהאַקט דעם קאָפּ ביי זיין פֿרוי (60 יאָהר אַלט). דערהערענדיג אַ שרעקליכען געשריי איז פֿון דעם צווייטען צימער אַרויסגעלאָפֿען אין איין העמד זייערע א 20 יאָהריגע טאָכטער. די מערדער זענען אָנגעפֿאַלען אויף אידר, האָבען געחאַפּט זי פֿאַר די האָר און אָנגעהויבען פּייניגען, זי זאָל אויסזאָגען, וואו ס'ליגט איהר פֿאָטערס געלד. פֿון שרעק איז דאָס מיידעל ווי מכולבל געוואָרען, און זי האָט זיך גענומען פֿערטיידיגען זיך פֿון די מערדער, באַלד איז זי אָבער געפֿאַלען אין אָהנמאַכט. די מערדער האָבען זי מאַנס געווען און דערנאָך איהר דעם קאָפּ אָבגעהאַקט. געענדיגט די שחיטה, האָבען זיך די מערדער גענומען צו ראַבירען דאָס הויז. חוץ 100 רובל במזומן, האָבען זיי צוגענומען בגדים, הפצים און האָבען פֿון די שטאַלען אוועקגעפֿיהרט די בהמות, חזרים און פֿערד, מיט דעם ציעל צו פֿערדעקען דעם שרעקליכען פֿערברעכען, האָבען די מערדער איבערגעלאָזען אין הויז אַ פֿרעמדען פּאַס און האָבען אויסגעגאָסען דאָס בלוט פֿון די געשאָכטענע אויף אַנאַנדער ווענד. דעם 23 מערץ האָט מען געמאַכט אַן אונטערזוכונג אין גאַנץ גלובאָקע, די שוואַרצע מאָהניקעס האָבען געטענה'ט, אַז דאָס איז נאָר אַ זשידאָווסקע אַרבייט, אין שטעדטעל צווישען די יודען איז געוואָרען אַ פּאַניק. בעזוכט האָט מען יעדע הויז, וואו עמיצער וואוינט נאָר. אין וואוינונג פֿון דעם פּויער אָלשעווסקי האָט מען געפֿונען אונטערן בעט אַ געהיימען קעלער, אין וועלכען מ'האָט ענטדעקט טיעף אין דער ערד אַלע זאַכען, וועלכע די רויבער האָבען בערויבט. די זאַכען זענען געווען פֿערשאָטען מיט ערד; אויף דער ערד איז געווען אָנגעשאָטען קאַרטאָפֿעל, אויף די קאַרטאָפֿעל האָלץ און קלעטקעס. מ'האָט אַרעסטירט דעם בעל הבית פֿון דעם הויז. וועלכער האָט זיך באַלד מודה געווען אין דעם שרעקליכען מאָרד און האָט אַרויסגעגעבען אלס אָנטיילנעמער די קאַזאָרזשניקעס ריבניקאָוו און מיצקעוויטש, וועלכע מ'האָט אַרעסטירט. בשעת זיי האָבען זיך פֿערווײַלט אויף די בערויבטע 100 רובל אין אַ זנות־הויז, חוץ זיי, האָט מען ביז היינטיגען טאָג אַרעסטירט נאָך 7 פּערזאָן. די יודישע בעפֿעלקערונג האָט זיך בערוהיגט.

— ס'איז ערשינען דאָס ענגלישע „יודישע יאהרבוך" פֿאַר 1909, אין וועלכען עס געפֿינען זיך נייע נעגויערע ציפֿערן איבער די יודישע בעפֿעלקערונג אין ענגלאַנד און אין איהרע קאָלאָניעס. אין ענגלאַנד גופֿא (בריטישע אינזלען) געפֿינען זיך 237,760 יודען, אין קאַנאַדע און בריטיש־קאָלומביא — זעכציג טויזענד, אין אַוסטראַליען (פֿאָלקסקעהלונג 1901) העכער פֿופֿצעהן טויזענד, אין ניי־זעלאַנד (פֿאָלקסצעהלונג) ביז צוויי טויזענד, אין אינדיען (פֿאָלקסצעהלונג) העכער אַכצעהן טויזענד, אין דרום אַפֿריקע — פֿערציג טויזענד, אין יאַמאַיקאַ — צוויי טויזענד, אין טרינידאַד און בּאַרבּאַדאָס 50, אין גיבראַלטאַר — 1300, אין קיפּערן און מאַלטאַ 185, אין אַדען 3500 און אין האָנקאָנג 680. צווישען די ענגלישע שטעדט צעהלט לאָנדאָן מעהר ווי א העלפֿט פֿון אַלע ענגלישע יודען — אין לאָנדאָן מיט זיינע פֿאָרשטעדט וואוינען 140,000 יודען, לאָנדאָן איז אָבער די גרעסטע שטאָדט אין דער וועלט, אין איהר מיט די פֿאָרשטעדט וואוינען 7 מיליאָן מענשען — און אויף אזא אופֿן בילדעט די יודישע בעפֿעלקערונג שוין קוים 2 אַ האַלב פּראָצענט. נאָך לאָנדאָן האָבען די גרעסטע יודישע בעפֿעלקערונג: מאַנשעסטער — 28,000, לידס — 25000, ליווערפּול — 7000, גלאַזגאָ — 7000, בירמינגהאַם — 5000, דובלין — 2700, הול — 2500 און שעפֿילד — 2250.

— פֿון מאָנטרעאַל (קאַנאַדאַ) איז מען מודיע ועגען אַ פֿאַל פֿון מענשען־פֿרעסעריי, וועלכער איז געמאַכט געוואָרען דורך איראָפּעער. אין אָנפֿאַנג פֿון דעם יאַנואַר־סעזאָן איז א געוויסער לעמיע, אַ פֿראַנצויזישער יאַנדפֿיהרער, אַרויסגעגאַנגען מיט א גאַנצע מחנה יעגער פֿון קוועבעק אין די ווייטע וועלדער אַריין. קומענדיג 200 מייל פֿון קוועבעק האָט אויסגעבראָכען אַ שרעקליכע זאַווערוכע, וועלכע האָט געדויערט עטליכע טעג, און די גאַנצע קאָמפּאַניע, וואָס האָט נישט געהאַט מיט זיך גענוג פּראָוויאַנט, האָט געהאַלטען ביי'ן שטאַרבען פֿון הונגער. מען האָט אַרויסגעשיקט א רעטונגס־קאָמפּאַניע, וועלכע האָט געפֿונען דעם טויטען קערפּער פֿון לעמיע. די אויספֿאָרשונג פֿון אַ קאָמיסיע האָט אַרויסגעוויזען, אַז מ'האָט איהם געהרגעט און אַ־ויסגעשניטען שטיקער פֿלייש מיט'ן צוועק אויפֿצועסען. דער עלטסטער פֿון דער קאָמפּאַניע, און נאָך אַ פּאָר יעגער וואָס זענען לעבען געבליבען, זענען אַרעסטירט פֿאַר מענשען־פֿרעסעריי.

— פֿון ניויאָרק מעלדעט מען, אַז שוין דאָס צווייטע מאָל איז דעם ווינטער דער גרויסער וועלט־בעריהמטער ניאַגאַרא־וואַסערפֿאַל געפֿראָרען געוואָרען און דאָס וואונדערליגע רוישען פֿון די וואַסער מאַסען זענען פֿערשטומט געוואָרען. די שרעקליכע שטיקער אייז האָבען פֿערשטעלט דעם וועג פֿאַר'ן וואַסער און אונגעהייערע שטראָמען האָבען זיך צונאָסען אויף די ארומיגע פֿעלדער און שטעדט און האָבען גרויסע היזקות געמאַכט. עלעקטרישע איינריכטונגען צושטערט אין פֿאַבריקען צוריסען, דער שאָדען בעטרעפֿט שוין 15 מיליאָן דאָלאַר. מען האָט מורא פֿאַר אַ שרעקליכע קאַטאַסטראָפֿע. אַלע בריקען שטעהען אין סכנה, און אויב עס וועט אָנקומען נאָך אייז און דאָס וואַסער וועט נאָך מעהר פֿערפֿלייצען, רעכט מען זיך, אַז גאַנצע שטעדט, גרויסע האָטעלן און מאַסען פֿאַבריקען זאָלען אונטערגעהען.

— אין לוצאַן (בוקאָווינאַ) איז די טעג געשטאָרבען אהרן קענטנער, דער עלטסטער מענש פֿון בוקאָווינא, אין א עלטער פֿון 105 יאָהר. ער איז געשטאָרבען פֿון עלטער־שוואַכקייט און איז געווען ביז צום טויט פֿאָלקומען געזונד קערפּערליך און גייסטיג. זיין פֿרוי לעבט נאָך אין לוצאַן און איז אַלט 100 יאָהר און איז געזונד.

— דער בעוואוסטער ריזענט־שווינדלער לעמאָין, וועלכער האָט אַזויפֿיעל מיליאָנען אויסגענאַרט ביי ענגלישע און פֿראַנצויזישע קאַפּיטאַליסטען מיט זיין שווינדלערישע ערפֿינדונג צו מאַכען קינסטליכע בריליאַנטען, איז די טעג אַרעסטירט געוואָרען אין פּאַריז קומענדיג פֿון לאָנדאָן. אם ענדע פֿון דער אויספֿאָרשונג ביים סליעדאָוואַטעל האָט ער געזאָגט: „איך האָב פֿערטרויען צו מיין ערפֿינדונג און וועל נאָך אַמאָל דורך איהר גרויס ווערען".



רעוואלוציע אין דער טירקיי: יונגטירקישע זאלדאטען בויען א בריק אויף שיפלעך, אריבערצוקומען קיין קאנסטאנטינאפעל.

# קעניג קארל פון רומעניען.

דער קעניג קארל פון רומעניען פייערט דיזע טעג זיין 70-סטען געבורסטסטאג.

אין גאנץ רומעניען ווערען אויס דיעזען אנלאס פעראנשטאלטעט גרויסע פאראדעס און דער דייטשע קאיזער האט געשיקט זיין עלטעסטען זוהן, דעם קראנפרינץ ווילהעלם, קיין בוקארעסט, דעם קעניג פערזענליך צו גראטולירען.

קעניג קארל איז בעקאנטליך א פרינץ פון דער משפחה האהענצאללערן, א נאהענטער קרוב פון דייטשען קאיזער.

איבערנעמענדיג די רעגירונג האט ער אים יאהר 1866 אונטער די שווערסטע פערהעלטניסע, ער האט זיך בסוד געמוזט איינשלייכען אין זיין לאנד און אין די ערשטע יאהרען האט ער געהאט מיט אזוי פיעל שוועריגקייטען צו קעמפפען, אז ער האט עטליכע מאל געוואלט רעזיגנירען.

מיט דער צייט אבער האט ער אלע שוועריגקייטען בעזייטיגט און זייטדעם רומעניען האט מיטגעהאלפען רוסלאנד אים רוסיש-טירקישען קריעג און דער פירסט (רומעניען איז דעמאלט נאך געוועזען א פירסטענטהום) קארל האט זיך אויסגעצייכנעט ביי פלעווגא, איז זיין שטעלונג אים לאנד געווארען שטארק בעפעסטיגט און היינט איז שוין די דינאסטיע שטארק בעליעבט.

די קעניגין פון רומעניען איז בעקאנט אלס שריפט-שטעלערין אונטער דעם פסייראנים „קארמען סילווא“.

אין רומעניען לעבען איבער א פיערטעל מיליאן יודען אונטער אויסנאהמסגעזעצע און בעשרענקונגען. דער קעניג איז צוואר א ליבעראלער מענש, אבער ער איז צו שוואך, צו צווינגען זיינע רעגירונגען, זיי זאלען האלטען וואס רומעניען האט פערשפראכען ביים בערלינער קאנגרעס, צו געבען גלייכבערעכטיגונג אלע בירגער פון לאנד אהן אונטערשיעד פון דער רעליגיאן.

מיר ברענגען אין אונזער היינטיגען נומער דאס בילד פון דעם קעניגליכען יובילאר.

# א פערמעגען אויפגעפרעסען פון מייז.

אין פאריז האט זיך פאר עטליכע וואכען ערייגנעט פאלגענדער. העכסט מערקווירדיגער פאל:

דארט וואהנט א געוויסע גרעפין לאפאמיער, וועלכע רעכענט זיך פאר א אונגעזעצליכע טאכטער פון נאפאלעאן דעם דריטען. זייט עטליכע טאג האבען די שכנים נישט געזעהען די גרעפין. נאפאלעאן'ס טאכטער. מ'האט געמאלדען וועגען דעם דער פאליציי, וועלכע איז אריין אין איהר וואהנונג, און האט געפונען די גרעפין האלב טוידט פון הונגער, ליעגען אויף א שרעקליך שמוציגען געלעגער. אין מאסען מייז זענען ארום איהר ארומגעשפרינגען און געגעסען די צושפרייטע פונאנדער-געווארפענע באנק-נאטען, וואס זענען געלעגען מאסענווייז אויף דער פאדלאגע. די גרעפין האט נישט געוואלט נעהמען קיין שום נאהרונג, מ'האט איהר אבגעפיהרט אין משוגעים-אנשטאלט.

מיר ברענגען אין אונזער היינטיגער נומער א אריגינעל בילד, פארשטעלענדיג דעם מאמענט, ווען די פאליציי קומט אריין אין דער וואהנונג פון דער גרעפין און טרעפט זי ליגען אויף איהר שמוציגען געלעגער, ווען מייז שפרינגען ארום אין צימער, פרעסענדיג באנקנאטען און ווערט-פאפירען.

# פאליטישע נייעס.

דער עסטערייכישער רייכסראטה וועט קומענדע וואך וויעדער צוזאמענטרעטען. אם 27 אפריל וועט זיין די ערשטע זיצונג.

— אין אונגארן וועט דיעזע טעג אויסברעכען א מיניסטער-קריזע. די רעגירונג קען זיך וועגען דער באנק-פראגע מיט עסטרייך נישט איינינען, די אונאבהענגיגקייטס-פארטיי, די שטארקסטע אים רייכסטאג, וויל אבער דורכאויס א זעלבשטענדיגע אונגארישע באנק, עסטערייך וויל דאצו נישט צושטימען און אויך דער קאיזער איז דאגעגען. איבערדעם וועט די רעגירונג מוזען דעמיסיאנירען. — די איצטיגע קריזע וועט זיין זעהר שווער און מען האט מורא ס'זאל נישט אויסברעכען א קאנפליקט צווישען דעם קאיזער און דעם רייכסטאג, ווי מיט דריי יאהר צוריק. — די רוהיגע עלעמענטע, דארונטער אויך די מיניסטער קאסוטה און אפאני, זענען צוואר דאפאר, מען זאל פערמיידען דעם קאנפליקט און ערנייערן דאס באנק פריווילעגיום נאך אויף עטליכע יאהר. — אבער דער פרעזידענט פון רייכסטאג יוסטה און זיינע חברים זענען שטארק דאגעגען, ס'איז מעגליך, או מען וועט מוזען אויפלעזען דעם רייכסטאג.

— דער דייטשע קראנפרינץ ווילהעלם וועט קומענדע וואך אויף דיעזע רייזע פון בוקארעסט, אבטרעטען אין וויען און וואהנען אלס גאסט פון קאיזער אין דער הויפבורג.

— ענגלאנד, וועלכעס האט דעם איצטיגען ווידער וואר אין קאנסטאנטינאפעל אים גאנצען פערשולדעט, וויל ס'האט אויפגעהעצט די קלעריקאלען קעגען די יונגטירקען דאפאר. וואס זיי האבען נישט געוואלט ערפילען אלע ענגלישע ווינשע, — האט איצט בעקומען חשק, אויסצונוצען די גאנצע מעשה פון זיינעטוועגען, עס וויל ערקלערען, אז עס נעמט צו אים גאנצען עניפטען אלס זיין לאנד. די ענגלישע פלאטע וועט דיעזע טעג אנקומען אים האפען פון אלעקסאנדריען. פראנקרייך בעקומט פאר זיין הסכמה דאצו די טירקישע פראווינץ טריפאליס



א פערטעגען אויפגעפרעסען פון מייז: ביים אריינקומען אין דער וואהנונג פון דער גרעפין לאפאמיער טרעפט די פאליציי א שרעקליכע סצענע.

און רוסלאַנד וועט בעקומען פ״יי האנד צו טהון אין פּערזיען, וואס עס וויל.

— אין פּערזיען איז טאַקי די לאַגע אַ דעראַרטיגע, אַז רוסלאַנד וועט זיך מוזען אַריינמישען, זייט עטליכע וואָכען בעלאַגערט דעם שאַה׳ס מיליטער די שטאָדט טעבריס, דעם זיץ פון די רעוואָלוציאָנער׳ען אין לאַנד דאָרטהין קיין שום עסענוואַרג נישט צו. די שטאָדט איז שוין טאַקי שטאַרק אויסגעהונגערט און די רעוואָלוציאָנערע דראָהען, אַז אויב מען וועט זיי נישט אָבלאָזען וועלען זיי ערמאָרדען די אויסלענדישע קאָנזולען. כדי רוסלאַנד און ענגלאַנד זאָלען זיך מוזען אַריינמישען. די רוסישע רעגירונג האט אויפגעפאָדערט דעם שאַה, וואס שנעלער זיך צו איינינגען מיט די רעוואָלוציאָנער׳ען און ווען נישט, וועט רוסישעס מיליטער אַריינמאַרשיר׳ען קיין פּערזיען.

## הומאר און סאטירע.

### א גוטער מאַן.

משה: וואס ביזטו היינט אַזוי טרויריג, אברהם?

אברהם: דו ווייסט דאָך אַז מיין ווייב איז שוין זייט אַ צייט קראַנק...

משה: נו, היינט איז איהר דאָך בעסער, האב איך געהערט.

אברהם: טאַקי דערפאַר בין איך טרויריג.

### דאס ערנסטע געשעפט.

זי: וואס ביזטו היינט אַזוי בייז? אַז דו האסט שלעכטע געשעפטען, וואס בין איך דיר שולדיג?

ער: טאַקי נאר דו ביזט שולדיג!

זי: ווי אַזוי?

ער: ווייל אין דיר — האב איך געמאַכט דאס ערנסטע געשעפט און זייט דעם בין איך אויף צרות.

א. אייזענשלאָס.

### א מתנה טובה.

משה: וואס פאר א מתנה זאל איך שיקען מיין כלה, זי זאל זיך דאמיט זעהר פרייען?

שלמה: פאלג מיך, שיק איהר אַ מתנה די תנאים.

### אויך א תשובה.

מיכל: פאר וואס האסטו עפּיס אבגעשמ׳סט דיין חתונה אויף א פּער צוויי יאהר?

אברם: ווייל מיין כלה איז יונגער פון מיר מיט צוויי יאָהר.

### א „מאדנע" נוסח.

זלמן: וואס זאָגסטו עפּיס היינט ביים דאַווינין: .צור אינגאַין קומה בעזרת אינגאַין ופדה כנאומיך... ואיגנאַין ונאמר גואלנו... שמו... אינגאַין ברוך אתה... גאל אינגאַין". וואס פאַר אַ מין נוסח איז עפּיס דאס?

הייקיל (אַוועק מאַכענדיג מיט די האַנד): אֵיי, איהר זעגט טאַקי נאָך פון דער אַלטער וועלט, איהר ווייסט נישט, אַז אַ היינטיגער מאדנע מענש רופט זיך „אינגאַין" שטאַט „ישראל"?

תיראוו. מ. מאלאַווער.

### די גאנצע משפחה.

מאקס: דכלל, ליזאַ, דו ואנסט מיר אב?

ליזאַ: יאָ! — מיין גאנצע משפחה איז קעגען דעם שידוך!

מאקס: וואס נעהמ דיך אן די משפחה, אַבי דיר געפעלט איך!

ליזא: איך האב דיר דאָך געזאָגט, אַז די גאַנצע משפחה איז דאַגעגען, איך געהער דאָך אויך צו דער משפחה.

## בריעפקאסטען.

השואל: דאס בילד פון דער ציוניסטישער לאַנדעס־קאנפערענץ אין לעמבערג, ווי אויך פון דער קאנפערענץ יונגענדליכער ארבייטער וועלען מיר ברענגען אין קינפטיגען נומער.

ישעיי שטאַמער, רזעשעניק: אויב איהר וועט צו שיקען דאס געלד נאך פאַר דריי פערטעל יאָהר, וועט איהר גערעכענט ווערען אלס גאנציעהריגער אבאנענט און וועט בעקומען די פּרעמיעס. מיר קענען אייך אויך ליעפערן אַלע ביזהעריגע נומערן.

„גרוס": וועט נישט געדרוקט ווערען.

מענדל ק. אין ירושלים: דאס אבאנעמענט פאַר אויסלאַנד בעטראָגט האַלבּיעהרליך 7.50 פראַנקס, איהר האט צו ווייניג געלד געשיקט.

טרייער לעזער: אייער פערשלייסער האט נישט בעקומען די בלעטער, ווייל ער האט די רעכנונג נישט רעגולירט. — איהר קענט דאָך דאס בלאַט אַבאַניערען דירעקט, וועט עס אייך קיינמאָל נישט פעהלען.

לעהרער אין ט.: מיר קענען זיך נישט אַריינמישען אין פּערזענליכע שטרייטיגקייטען צווישען אונזערם אַ פערשלייסער און פּריוואַט־פּערזאָן. אַוודאי האָט ער די פפליכט, יעדען דאס בלאט צו פערקויפען.— אויב אימיצער וויל מיט איהם נישט האַנדלען, קען ער דאס בלאַט אבאַניערען דירעקט.




הייבט אן צו ערשיינען מיט 1 מאי אלס ביילאגע צו דער „יודישער אילוסטרירטער צייטונג".

# רעטהזער־אויפלעזונגען.

די אויפלעזונגען פון די רעטהזעהל אין נו׳ 13 זיינען:

I. „שפיצקאפף״

II. גראס, ראזא, אזעף, מאפז

III. עססען אן דער רוהה.

ריכטיגע אויפלעזונגען האבען איינגעשיקט: משה ליעבערמאן, סאנדאווא־ווישניא; רחל האנעל נעב. רייזלער, דאלינא. יואל טראמפעטער, מיעליץ. בילה נאטליעב, סאנדאווא־ווישניא. יעקב און אברהם הויפטמאן, סטריא. יצחק קירשענבוים, קאלבושאווא. הערמאן צעלנער, נייסאנדעץ. יעקב רויטשטיין, קאלבושאווא. הערמאן קאפיטא, נארליצע. ליב דיאמאנד, סטרזישאוו. ריזע אפפעלגרין, סטריא. הירש שפירן, מיעליץ. יצחק שיף, סאנאק. ה. ליכטמאן, טארנאפאל. א. הורעס, זאקליטשין. שמחה רויטהשטיין, קאלבושאווא. סאלאמאן בעסטער, באריסלאוו. אשר ציעדער, אשוויעצים. זיגמונד אפפעלגרין, סטאראסאל. יוסף זינגער בראד. משה ריקעל, נייסאנדעץ. טודרוס רייצפעלד. ראווא־רוסקא. ישראל טענענבוים, פשעמישל. אברהם וויינרעב, סאסנאוויץ. שרה דאאר, רעמביצא. יוסף פפעפער, סטאב־באנילא. יעקב ראווער, הושיאטין, אברהם שלאף יונ., וויעליטשקא. וואלף ברעכער. פאדהייצע. סאל. לאמם, קרזיוואטשע, אברהם פפעפער, סטאניסלוי. עמאנועל גאלדמאן, רימאנאוו. משה מארדער׳ הושיאטין. שרה קאהן, פאדפאלאוצע. מאניס מאלאווער, חיראוו. עטטי פערמענליך, סקאלע, נחמיה ארנשטיין, סקאלע. יצחק ווניצער, פאדליפצע. אייזיק יעטעס, פאדוואלטשיסקא. עמנואל הייא, זאלקיעוו, עמנואל ווילער, זאלקיעוו. צבי ליכטמאן, טארנאפאל. אדעלא ליפשין באריסלאוו. א. מ. פוקס, לעמבערג. ס. חילל, סאנאק. ה. רייך, סאנאק. חיים בארנער יונ., נייסאנדעץ. לעמיל סאליק, סאנאק. ש. שארפבערג. א. פערלמוטער, פ. שארפבערג, ב. שארפבערג, ש. ראזענצווייג. הושאטין, ס. מעהלער, טובלא. יעקב מיימון, זאלקיעוו. רעגינא לאנבערג, סטריא. מאטהילדא שיף. באריסלאוו. פרין וואנג, באריסלאוו. קלמן פראפער. קשאנוב. חיי נינסבערג און חנה וואלף. סטריא. שמעון פאלליק, מיעליץ. יצחק ליכטמאן, קאלבושאווא. יצחק סאלפעטער. זאבנא. ניסן רייך, טורקא. יעקב דרייפוס. לעמבערג. משה און יעקב ראוויטשער, ווארשא. חיים נעללער, סיניאטין. מקליר. זלמן האכבערגער, סטריא. שמואל ביענשטאק, וידאטשאוו. הענך שולדענפריי, קראקא. משה גרינבוים, בערדיטשעוו. זלמן פריינד, ווילנא. יהודה בן שלמה, טארנאפאל. שמוקלער עט צוקערבראד, סאנדאווא־ווישניא.



# פרעמיעס

פאר די אבאנענטען פון דער

# „יודישען אילוסטרירטען צייטונג.״

א) ווער עס אבאנירט די „יודישע אילוסטרירטע צייטונג״ דירעקט ביי דער אדמיניסטראציע אין קראקא וועניגסטענס אויף א האלב יאהר, איינשיקענדיג דאס געלד אים פאריס, בעקומט די נאכשטעהענדע 15 העפטע פון דעם בעריהמטען, האכשפאנענדען דעטעקטיוו־ראמאן „מאקס שפיצקאפף״ (יודישער שערלאק האלמעס), וועלכע קאסטען צוזאמען 3 קראנען, בלויז

## פאר 1 קראנע.

(חוץ 30 העללער פארטא)

יעדעס העפט ענטהאלט א גאנצען אפגעשלאסענע האכשפאנענדע ערצעהלונג, קיין פארטזעצונג. מיט א שעגער אילוסטראציע.

די העפטע ענטהאלטען פאלגענדע ערצעהלונגען:

1) געריבען צו דער שמד...
2) באנקנאטען פעלשער.
3) עלילת דם...
4) א רעטהזעלהאפטער מארד.
5) דער שמוגגלער...
6) דאס געפעלשטע טעסטאמענט.
7) דער שפיאן.
8) דער מערכען הענדלער.
9) דער באנק־איינבריכער.
10) די קינדער־מערדערין.
11) דער טויטען־גרעבער.
12) דאס געהיימניס פון א מיליאנער.
13) די דערטרונקענע כלה.
14) דער מיסיאנער.
15) די נאכטוואנדלערין.

ב) אנשטאט דיעזע העפטע קען מען אויך בעקומען די פאלגענדע וויכטיגע ספרים פון דעם גרויסען יודישען געלעהרטען דר. ש. רובין:

**א) תהלת הכסילים, ב) ספור יצירת העולם, ג) שני לוחות הפילוסופיה,**

וועלכע קאסטען 4 קראנען, בלויז

## פאר 1.50 קראנע.

(חוץ 30 העללער פארטא)

ג) ווער עס אבאנירט די „יודישע אילוסטרירטע צייטונג״ אויף א גאנץ יאהר און בעצאהלט אים פאריס, בעקומט ענטוועדער די 15 העפטע מאקס שפיצקאפף אדער די ספרי דר. רובין

## גאנץ אומזיסט.

די אבאנענטען ברויכען נאר צו שרייבען, וועלכע פרעמיע זיי ווינשען; האלב יעהריגע אבאנענטען ברויכען גלייכצייטיג צוצושיקען דאס געלד פאר דער פרעמיע.

Wydawca: M. Fischer. — Odpowiedzialny redaktor: J. Kreppel. — Drukarnia Józefa Fischera w Krakowie